


# שטערן

3

ליטעראריש־
קינסטלערישער
און פאליטיש־
וויסנשאפטלעכער
כוידעש־
זשורנאל



1937 — מינסק

פראָלעטאריער פונ אלע לענדער, פאראייניקט זיכ!

# שטערנ

№ 1 — דרייַצנטער יאָרגאנג — 1937 יאנואר

אָרגאנ פונ פארבאנד סאָוועטישע שרייַבער פונ ווססר

## וואָס איז אזוינס לעניניזמ?

אלזאָ, וואָס איז אזוינס לעניניזמ?

איינע זאָגנ, אז לעניניזמ, איז די אָנווענדונג פונעמ מארקסיזמ צו די אייגנארטיקע באדינגונגענ פונ דער רוסלענדישער סוויווע. אינ דער דאָזיקער דעפיניציע איז פאראנ א טייל עמעס, זי שעפט אָבער ווייַט ניט אויס דעמ גאנצנ עמעס. לענינ האָט ווירקלעכ אָנגעווענדעט דעמ מארקסיזמ צו דער רוסלענדישער ווירקלעכקייַט אונ אָנגעווענדעט אימ מייַסטערהאפט. אָבער ווענ דער לעניניזמ וואָלט זייַנ בלויז אַנ אָנווענדונג פונעמ מארקסיזמ צו דער אייגנארטיקער סוויווע פונ רוסלאנד, דעמלט וואָלט דער לעניניזמ געווענ א ריינ נאציאָנאלע אונ בלויז א נאציאָנאלע, א ריינ רוסישע אונ בלויז א רוסישע דערשייַנונג. מיר וויסנ אָבער, אז דער לעניניזמ איז א דערשייַנונג אַנ אינטערנאציאָנאלע, וואָס האָט וואָרצלענ אינ דער גאנצער צווישנפעלקערלעכער אנטוויקלונג, אונ ניט בלויז א רוסישע. אָט פארוואָס איכ מיינ, אז די דאָזיקע דעפיניציע לייַדט פונ איינזייַטיקייַט.

אנדערע זאָגנ, אז דער לעניניזמ איז די אויפלעבונג פונ די רעוואָלוציאָנערע עלעמענטנ פונעמ מארקסיזמ פונ די 40־קער יאָרנ פונ XIX יאָרהונדערט, צומ אונטערשייד פונעמ מארקסיזמ פונ די שפעטערדיקע יאָרנ, ווענ ער איז קלומערשט געוואָרנ מעסיק, נישרעוואָלוציאָנער. אויב מע זאָל זיכ אבסטראגירנ פונ אָט דער נארישער אונ וולגארער איינטיילונג פונ מארקס לערע אפ צוויי טיילנ, אפ א רעוואָלוציאָנערנ אונ א מעסיקנ, מוז מענ מודע זייַנ, אז אפילע אינ אָט דער לאכלוטנ ניטגענוגער אונ ניט באפרידיקנדיקער דעפיניציע איז פאראנ א טייל עמעס. באשטיינ באשטייט ער, אָט דער טייל עמעס, דערינ, וואָס לענינ האָט ווירקלעכ אויפגעלעבט דעמ רעוואָלוציאָנערנ אינהאלט פונעמ מארקסיזמ, וועלכנ די אָפאָרטוניסטנ פונ II אינטערנאציאָנאל האָבנ געהאט פארמויערט. דאָס איז אָבער נאָר א טייל עמעס. דער גאנצער עמעס וועגנ לעניניזמ באשטייט דערינ, וואָס דער לעניניזמ האָט ניט בלויז אויפגעלעבט דעמ מארקסיזמ, נאָר ער האָט נאָכ געמאכט א טריט פאָרויס, אנטוויקלענדיק דעמ מארקסיזמ ווייַטער אינ די נייַע באדינגונגענ פונ קאפיטאליזמ אונ פונעמ קלאסנקאמפ פונ פראָלעטאריאט.

וואָס זשע איז סאָפקאָלסאָפ אזוינס לעניניזמ?

לעניניזמ איז מארקסיזמ פונ דער עפאָכע פונעמ אימפעריאַליזמ אונ פראָלעטארישער רעוואָלוציע. פינקטלעכער—לעניניזמ דאָס איז די טעאָריע אונ טאקטיק פונ דער פראָלעטארישער רעוואָלוציע ביכלאל, די טעאָריע אונ טאקטיק פונ דער דיקטאטור פונעמ פראָ־

לעטאריאט באזונדערס. מארקס און ענגעלס האָבן געקעמפט אינעם פאר־רעוואָליוציאָנערן פעריאָד (מיר האָבן אינזינען די פראָלעטארישע רעוואָליוציע), ווען עס איז נאָך ניט געווען קיין אנטוויקלטער אימפעריאַליזם, אינעם פעריאָד פון דער צוגרייטונג פון די פראָלעטאריער צו דער רעוואָליוציע, אין דעם פעריאָד, ווען די פראָלעטארישע רעוואָליוציע איז נאָך ניט געווען קיין דירעקטע פראקטישע אומפארמײַדלעכקײַט. לענין אָבער, א שילער פון מארקסן און ענגעלסן, האָט געקעמפט אין דעם פעריאָד פון אנטוויקלטן אימפעריאַליזם, אין דעם פעריאָד, ווען די פראָלעטארישע רעוואָליוציע וויקלט זיך פאנאנדער, ווען די פראָלעטארישע רעוואָליוציע האָט שוין געזיגט אין איין לאנד, האָט צעקלאפט די בורזשואזע דעמאָקראטיע, און האָט געעפנט די ערע פון פראָלעטארישער דעמאָקראטיע, די ערע פון סאָוועטן.

אָט פארוואָס דער לעניניזם איז די ווײַטערדיקע אנטוויקלונג פונעם מארקסיזם.

מע פארצייכנט געוויינלעך דעם אויסערסט־קריגערישן און אויסערסט־רעוואָליוציאָנערן כאראקטער פונעם לעניניזם. דאָס איז פולשטענדיק ריכטיק. אָבער די דאָזיקע אייגנשאפט פונעם לעניניזם דערקלערט זיך מיט צוויי סיבעס: ערשטנס, דערמיט, וואָס דער לעניניזם איז ארויסגעקומען פון דער פראָלעטארישער רעוואָליוציע, וואָס איר שטעמפל קאָן ער ניט ניט טראָגן אף זיך; צווייטנס, דערמיט וואָס ער איז אויסגעוואקסן און האָט זיך פארפעסטיקט אין געראנגלעגן מיטן אָפּאָרטוניזם פונעם II אינטערנאציאָנאל, וואָס דער קאמף קעגן אים איז געווען און איז א נויטווענדיקער פאָרבאדינג פארן דערפאָלגרײַכן קאמף קעגן קאפיטאליזם. מע דארף ניט פארגעסן, אז צווישן מארקסן און ענגעלסן, פון איין זײַט, און לענינען, פון דער אנדערער, ליגט א גאנצע עפּאָכע פון אבסאָליוטער הערשאפט פונעם אָפּאָרטוניזם פון II אינטערנאציאָנאל, וואָס דער אומראכמאָנעסדיקער קאמף קעגן אים האָט ניט געקאָנט ניט זײַן איינע פון די וויכטיקסטע אופגאבעס פון לעניניזם.

(י. וו. סטאלין, פראגן פון לעניניזם. זײַטן 2—1, 10־טע אופלאגע).

א. ס. פושקין

# דענקמאָל

איך האָב אליינ א ווונדערלעכנ דענקמאָל זיך געשאפנ,
פונ פאָלק דער שטעג צו אים איז אָפנעהיט,
נאָך העכער הייבט ער אופ זײַנ קאָפ זײַנ ניט פארשקלאפטנ
פונ אלעקסאנדערס זײַל־גראניט.

נײַנ, ניט אינגאנצנ כ׳שטארב.—עס וועט מײַנ גײַסט
אינ לירע שטערבנ
אריבערלעבנ מיך, פונ טויט אנטלויפנ וועט,
אונ זײַנ וועל איך בארימט ווי לאנג נאָר עס וועט לעבנ
אפ אָט דער ערד כאָטש איינ פאָעט.

דורך גאנצ ראסיי וועט אומגיינ ווענג מיר א קלאנג א מילדער
אונ ס׳וועט מיך אָנרופנ א יעדער פאָלק צוריק,
דאָס שטאָלצע אייניקל פונ סלאוו, דער פינ אונ איצט דער ווילדער
טונגוס, דער פרײַנט פונ סטעפעס, דער קאלמיק.

אונ לאנג וועל איך דעם פאָלק דערמיט זײַנ טײַער,
ווײַל לירע מײַנ געוועקט געפילנ גוטע האָט,
ווײַל אינ מײַנ גרויזאמנ יאָרהונדערט כ׳האָב גערימט די פרײַהײַט
אונ פאר געפאלענע געבעטנ גנאָד.

אָ, מוזע, פאָלגנ זאָלסטו גאָט אינ דײַנע ווענג,
א קראנצ ניט פאָדער נאָר, פאר אוולע שרעק זיך ניט, פאר צאר;
סײַ ליוב, סײַ בילבל גלײַכגילטיק באגעגנ
אונ אמפער זיך ניט מיט קיינ נאר.

1836 י.

יִדיש—מ. טייפ.

מ. יו. לערמאָנטאָוו

# דעם דיכטערס טויט

געטויט איז דער פּאָעט! — דער שקלאַפ פון ערע —
געפאַלן איז, באַדעקט מיט שפּאָט,
מיט בליי אין ברוסט און נאָך נעקאָמע גערן,
אַראָפּגעניקט דעם שטאָלצן קאָפּ.
דעם דיכטערס האַרץ האָט ניט געקאָנט פאַרלײַדן
די שאַנד פון קליינלעכע, פון בייזע רייד.
אַרויס איז ער אַנטקעגן וועלט צו שטרײַטן
אליין, ווי פריער... און איז געטויט!
געטויט!.. וואָס גילטן איצט געוויינען,
וואָס נוצט דער פּוסטער לויבונג־כאָר,
וואָס טויג באַרעכטיקונג געמיינע? —
דעם גורלס פּסק ז'געשען — און גאָר.
ניט איר האָט דען ביז איצט געטראָטן
זײַן פרײַען, וווּנדערלעכן גײַסט,
און צוליב שפּאַס האָט פעך געשאָטן
און פלאַם פאַרבאָרגענעם געשפּײַזט.
איז פרייט־זשע זיך, ער האָט דעם גענעם
פאַרטראָגן ווײַטער ניט געקענט.
ווי ליכט פאַרלאָשן איז דער וווּנדער־געני,
דער יאָנטעוודיקער קראַנץ פאַרלענדט.
זײַן מערדער האָט מיט קאַלטער רעציכע
געצילט דעם שאָס — קיין רעטונג ניט פאַראַן.
דאָס פּוסטע האַרץ — עס קלאַפּט זיך זיכער,
און שטײַף דער פּיסטאָלעט אין האַנט.
איז דען א וווּנדער? — פון דער ווײַט דאָרט,
ווי פליטים אַנדערע אהער,
האָט אים דאָס מזל זײַנס פאַרשלײַדערט,
און גליק און ראַנגען זײַן באַגער.
מיט שפּאָט און אזעס ער פאַראַכט

פונ פרעמדנ לאנד די שפראכ אונ מידעס,
ער קענ ניט שוינענ אונדזער פראכט,
אינ רעגע בלוטיקער זיכ ניט פארטראכט,
אינ ווענמענ דאָ זײַנ האנט געצילט איז...

איז ער געטויט. דער קײוער ס׳צוגענומענ
די רויב פונ אײפערזוכט פונ שטומער,
ווי יענער אומבאקאנטער זינגער *), וואָס אלײנ
האָט ער באזונגענ אזוי וונדער־שײנ,
וואָס איז ווי ער פונ האנט פונ בײזער אומגעקומענ.

צו וואָס איז ער פונ שטילער פרײד אונ פרײַנטשאפט פראָסטער
ארײַנגעטראָטנ אינ דער וועלט, אינ דער צעלאָזטער,
וואָס פרײַענ הארצ אונ לײַדנשאפט פארקלעמט?
פארוואָס האָט ער זײַנ האנט די לעסטערער געגעבנ,
פארוואָס האָט ער געגלויבט די פאלשע רײד אונ ליבע,
ער, וואָס האָט פונ יוגנט אָנ די מענטשנ שוינ דערקענט?—

אנשטאָט זײַנ קראנצ האָט מענ א קרוינ פונ דערנער
אימ אָנגעטאָנ, אינ לאָרבער אײַנגעהילט,
נאָר ס׳האָבנ אינעם וונדערשײנעמ שטערנ
געהײמע נאָדלענ אימ געשטאָכנ ווילד.
אונ בײזע מורמלעניש פונ וויצלער־שויטימ
די לעצטע רעגעס זײַנע פילט מיט סאמ,
אונ מיט פארדראָס פונ האָפנונגענ בארויבטע
אונ נאָכ נעקאָמע גערנ איז ער אויסגעגאנ.
אנטשטומט געוואָרנ זײַנענ לידער העלע,
זײ וועלנ שוינ ניט קלינגענ מער;
דעמ זינגערס רו־אָרט—ויסט אונ עלנט,
אונ ס׳איז זײַנ מויל פארכאסמעט שווער.—

אונ איר, די גײַוועדיקע זינ פונ טאטעס,
וואָס נידערטרעכטיקײַט איז זײער רומ אונ ליב,
וואָס טרעט דעמ בראָכ מיט שקלאפערישע פיאטעס
פונ שטאמענ, וואָס די גורל־שפיל האָט זײ בארויבט.
איר, מענגעס גיריקע, וואָס ארומ קרוינ־שטול פויזעט,
איר, הענקער פונ געוינעס, פרײַהײַט, רומ!
אינ שוצ פונ די געזעצנ איר באהאלט זיכ אויסעט,
פאר אײַכ איז—דינ אונ עמעס—אלצ אנטשטומ!
פארזנוסטע, ווײסט, ס׳איז דאָ א הויכער שויפעט **),

*) יענער זינגער—לענסקי פונ פושקינס פאָעמע „יעווגעני אָניעגינ“.
**) שויפעט—ריכטער.

א ריכטער און א גרויזאמער, וואָס וואכט;
אים וועט איר מיט קיין גאָלד־געקלאנג ניט קויפן,
ער ווייסט אפריִער, וואָס איר רעדט און טראכט.
און אָנקומען איר וועט צו בייזע רייד אומזיסט שוין,
עס וועט אײַך שוין ניט העלפן אזוי גוט,
מיט אײַער גאנצן שווארצן בלוט וועט איר שוין ניט פארווישן
דעם דיכטערס זויבער־ריינע בלוט.

28 יאנוואר—1837 י. (אַלטער סטיל).

יִדיש—מ. כאשטשעוואצקי.

„... מיט אונדז אפ דער שפּראך ריידן איצטער מיט ליבע
מארקס און ענגעלס און לענין און פירער, דו.
— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —
ס׳איז צוטריטלעך אונדז איצטער פּושקין און גאָרקי,
רוסטאַוועלי און היינע, טאָלסטאָי און שעקספּיר״.

(פונעם בריוו פון ווײַסרוסישן פאָלק דעם גרויסן סטאַלין).

„... ס׳איז אונדז פּושקין ליב און טײַער, אויך ניעקראַסאָוו און
טאָלסטאָי,
און די שיינקייט פון אוקראַינע שײַנט בא גאָגאָלן אזוי״.

(פונעם בריוו פון די ארבעטנדיקע פון דער סאָוועטישער גרוזיע
דעם פירער פון די פעלקער—דעם גרויסן סטאַלין).

„... דער גרויסער רוסישער פּאָעט, דער שעפער פון דער רוסישער
ליטעראַרישער שפּראַך און שטאַם-פּאָטער פון דער נײַער רוסישער
ליטעראַטור... וועלכער האָט באַרײַכערט די מענטשהײַט מיט אומשטערב-
לעכע ווערק פון קינסטלערישן וואָרט״.

(פון דער באַשטימונג פון צאַק פסח וועגן שאַפן אַן אַלפאַרבאַנדישן
פּושקין-קאָמיטעט אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם הונדערטן יאָרטאָג
פון פּושקינס טויט. 16־טער דעקאַבער 1935 י.).

א. ס. פושקין

# לידער

וואָס ניט דאַנ אינ מייַנ דרימלענדיקנ זינענ
ניט ארייַנ... (דערזשאַווינ).

## הארבסט

.1

אָקטיאבער איז שוינ דאָ. עס טרייסלענ אָפּ די באָרנ
לעצטע בלעטער; צווייַגנ בלייַבנ אָפּגעדעקט,
א הויכ געטאָנ האָט הארבסט אונ ס׳ווערט דער וועג פארפראָרנ,
הינטער מיל א קוועלכל מורמלט נאָכ באַם וועג.
נאָר ס׳גליווערט שוינ דער טייַכ, מייַנ שאָכנ אייַלט זיכ פאָרנ
אינ אָפּרייַזנדע פעלדער אָפּ געיעג.
דאָס ווינטער־שוועע לייַדט פונ זייַנע דולע שפּילנ
אונ דרימלענדיקנ וואלד וועקט אופ פונ הינט דאָס בילנ.

.2

אצינדער איז מייַנ צייַט. דעם פרילינג האָב איכ פייַנט,
איכ בינ דאנ קראנק, זייַנ קויט, געשטאנק איז מיר דערווידער,
עס ברויזט דאָס בלוט, געפיל מייַנעם די בענקשאפט פאנגט,
מיטנ הארבנ ווינטער בינ איכ מער צופרידנ.
כ׳האָב ליב דעם זילבער־שנײ, אונטער לעוואָנע־שייַנ
ווי פלינק ס׳טראָגט מיט א פרייַנדנ זיכ אדורכ דאָס שליטל,
ווענ אונטער סאָבאל־פוטער פריש אונ אָנגעווארעמט,
ציטעריק אונ פלאמענדיק אייַער האנט זי ארעמט.

.3

ווי פרײלעכ ס׳איז די פיס אינ שארפנ אייַזנ אָנטאָנ,
אונ לאָזנ זיכ אפ שפּיגלענ רויִקע פונ פראָסט;
אונ גלענצנדע אליארמענ פונ ווינטערדיקנ יאָנטעוו?..
נאָר שנײ אונ שנײ א האלביאָר, ס׳האָט דאָכ אלצ א מאָס,
סאָפּקאָלסאָפּ דערנעמענ אפילע וואָלט געקאָנט עס

דעם בערלאָגע-טיישעוו. א גאנצנ לעבנ פראָסט
מיר קענענ דאָכ ניט שליטלענ זיכ מיט ארמידעס יונגע,
צי הינטער דאָפּלט פענצטער זיצנ ווי פארזונקענ.

.4

אָ, זומער ליכטיקער, כ׳וואָלט דיכ געליבט געוויס,
ווענ ניט די היצ, דער שטויב, די פליגנ אונ די מוקנ,
נאָר אלדאָס ביַיסטלעכע דו מאכסט אינ אונדז צוגישט,
מיר ליַידנ, ווי דאָס פעלד, ווענ אפ דער ערד איז טרוקנ,
נאָר אָנטרינקענ אונ אָפּפרישנ זיכ ווי עס איז,
דער אײנציקער געדאנק, אונ אפנ ווינטער קוקנ
טוט דער ווינטער באנג אונדז, באגלײטנדיק מיט וויַינ
מיר קומענ אימ מיט איַיז-קרעמ מאזקער זיַינ.

.5

די טעג פונ הארבסט פונ שפעטנ, זידלענ איז דער סיידער
לעזער טיַיערער, איכ מוז זיכ מוידע זיַינ,
מיט אזא שטילער שיינקיַיט ברענענדיק באשיידנ
פונ אלע ציַיטנ יאָר איז ליבער מיר די שיַינ.
א קינד א ניט געליבסט אינ זיַינ געזינד, זיַינ אייגנס,
עס ציט אזוי צו זיכ מיכ נאָר דער הארבסט אליינ.
פארליבטער ניט פונ געוווע, נאָר אינ אימ געפינ איכ
גוטס אסאכ, א טרוימ, אנ אייגנזיניקס.

.6

ווי זאָל איכ עס דערקלערנ, מיר געפעלט ער פאָרט,
ווי ס׳קענ זיַינ איַיכ איז עפשער עמיצנ געפעלנ
א דעריק מיידל, רויק שטיל, ער וויס זיַינ אָרט
ער גייט אָפּ א פארורטיילטער אָנ טיַינעס, עלנט,
פונ קיווער אָפּגרונט זעט ער ניט דעמ שלונג, עס קלאָרט
א שמייכל אפ די ליפנ זיַינע די פארוועלקטע,
ער שפילט—ס׳איז אפ זיַינ פאָנעמ נאָכ א פורפור-צוויט,
ער העלט אונ לעבט נאָכ היַינט אונ מאָרגנ, לעבט ער ניט.

.7

טרויעריקע ציַיט, באצויבערונג פונ אויגנ,
אָנגענעמ איז מיר געזעגענונג-שיינקיַיט דיַינס,
כ׳האָב ליב, ווענ פרעכטיק די נאטור צומ אָפּגאנג נויגט זיכ
אונ אינ פארב פונ גאָלד זיכ הילנ צוויַיגנ איַינ,

און אונטער רויש פון ווינט פאַרשײַט זיך וועלדער בײַגן,
און וואָלקנס אין די הימלען דעקן צו די שײַן,
און ווען ניט ווען א שטראַל און ערשטע פרעסטלעך גראָע,
און דעם ווינטערס ווײַטער ציטעריקער דראָען.

.8

מיט יעדער האַרבסט בלי איך פאַנאַנדער אָפּדאָסנײַ.
ס'איז די קעלט פון רוסלאַנד נוצלעך צום געזונט מיר;
און די געוווינהײַטן פון זײַן כ'בין ווידער טרײַ:
ס'קומט אײַנדערצײַט דער שלאָף, ס'קומט אין דערצײַט דער הונגער,
און פריידיק אין מײַן האַרצן יאָגט דאָס בלוט אום פרײַ,
ס'ברויזן די פאַרלאַנגען, כ'בין ווידער גליקלעך, יונג כ'בין,
יונג, מיט לעבן ווידער, אזא ז'מײַן אָרגאַניזם,
אַנטשולדיקט מיר דעם ניט באַדאַרפטן פּראָזאַיִזם.

.9

מען פירט צו מיר דעם פערד, אין דאַכוועסדיקע חײַסן,
וויגנדיק די גריווע ער טראָגט א רײַטער פלינק
און אונטער זײַנע טלאָען ברענענדיק פאַרשײַטע,
פלאַצט דער אײַז, די ערד די דורכגעפרווירענע עס קלינגט.
נאָר ס'לעשט זיך אויס דער טאָג און ווידער פײַער
אין פאַרגעסענעם קאַמין, דאָס ברענט ער העל,
דאָס ווינקט ער אין דער שטיל, און איך באַם פײַער לייען,
מיט די געדאַנקען מײַנע בלײַב איך לאַנג אין צווייען.

.10

די גאָרע וועלט פאַרגעס איך דאַן, און אינדערשטיל
איך שלעפער אײַן פון זיסע פאָרשטעלונגען מײַנע.
די פּאָעזיע אין מיר וועקט אויף איר צאַרטע שפּיל,
אין האַרץ ווערט ענג, ס'נעמט אומרויִק די לירע טײַנען,
זי ציטערט און זי קלינגט, און ווי אין שלאָף, זי וויל
זיך אויסדריקן צום סאָף און פרײַ צעשײַנען.
און דאָ צו מיר זיך לאָזן געסט א גאַנצע ריי,
פרוכט פון מײַנע טרוימען, כ'בין לאַנג באַקענט מיט זיי.

.11

בא מיר אין קאָפּ געוואַגט באַוועגן זיך געדאַנקען,
און ס'לויפן גראַמען זיי אַנטקעגן, און איך שפּיר,—

נאָכ א מינוט און ס'נעמען איַילן לידער שלאנקע,
עס בעטן פינגער שוין א פען, דאָס פען—פאפיר,
אזוי א דרימלענדיקע שיפ אין וואסער לאנג שטייט,
ביז די מאטראָסן טוען זיכ א נעם, א ריר,
ארופ, אראָפ און ס'בלאָזן זיכ מיט ווינטן אָן די זעגלען,
און אָט דער ריז ער לאָזט זיכ שטומע כוואליעס ברעקלען.

12

ער שווימט. וווהין זאָלן מיר שווימען?...

1830 י.

יִדיש—מ. ליפשיץ.

---

# עכאָ

צי ס'ברומט א כאיע אינעם וואלד,
צי ערגעץ תוו א דונער קנאלט,
א מיידל זינגט, א האָרן שאלט,—
אפ יעדער רופ
דיַין אָפרופ ווערט געבאָרן באלד
אין פוסטער לופט.

די דונער־קלעפ געמסט אופעט שנעל,
די שטים פון שטורעם, פון דער וועל,
די פאסטעכ־ליד, און אפן שטעל
אָן ענטפער גיסט.
בלויז דיר, פאָעט, אָן אָפרופ פעלט—
אָן ענטפער ביסט.

1831 י.

יִדיש—ר. בוימוואָל, ז. טעלעסין.

# ווינטער-אָוונט

דרייט דער שטורעם שנייען־קנוילן
און פארשטעלט דעם הימל בלינד,
אָט נעמט ווי א כיַיע הוילן,
אָט צעוויינט זיך ווי א קינד.
אָט אין דעכל טוט א שמעטער,
מיט דער שטרוי א רויש געטאָן,
אָט—א וואנדרער א שפעטער
אינעם שײַבל קלאפט ער אָן.

אונדזער שטיבעלע דאָס קליינע
איז אין טרויער אײַנגעהילט.
וואָס זשע ביסטו עס, מײַן זקיינע,
בא דעם פענצטער אײַנגעשטילט?
צי פון שטורעם אָט דאָס ברומען
האָט, מײַן פרײַנט, דיך מיד געמאכט,
צו פון שפּינ־רעדל דאָס זשומען
האָט די אויגן דיך פארמאכט.

לאָמיר אויסטרינקען, מײַן זיסע
פרײַנדן פון מײַן יוגנט־פּײַן.
ווו ס'דאָס קווערטל, טרינק אביסל,
וועט דעם הארצן גרינגער זײַן.
זינג א ליד מיך וועגן פויגל,
וואָס האָט הינטער יאם געלעבט,
זינג א ליד מיך וועגן מיידל,
וואָס האָט וואסער פרי געשעפּט.

דרייט דער שטורעם שנייען־קנוילן
און פארשטעלט דעם הימל בלינד.
אָט נעמט ווי א כיַיע הוילן,
אָט צעוויינט זיך ווי א קינד.
לאָמיר אויסטרינקען מײַן זיסע
פרײַנדן פון מײַן יוגנט־פּײַן.
ווו ס'דאָס קווערטל, טרינק אביסל,
וועט דעם הארצן גרינגער זײַן.

1825 י.

יידיש—מ. כאשטשעוואצקי.

* * *

צי כ׳בלאָנקע אומ אינ גאסנ פולע,
אינ טעמפל־רויש ווענ איכ קומ אָנ,
צי כ׳זיצ אינ מיט פונ יונגענ דולע—
אינ טרוימענ מײַנע כ׳בינ פארסאָנ.

איכ זאָג: די יאָרנ גיכ פארפליסנ,
אונ אלע מיר, וואָס זײַנענ דאָ,
מיר וועלנ אייביק־רו געניסנ,
אונ עמעצנס שוינ קומט די שאָ.

צי קוק איכ אפ א דעמב ווי נעבנ,
איכ טראכט: דער וועלדער־פאטריַארכ
מײַנ קורצנ דאָר וועט איבערלעבנ,
ווי דוירעס פאָטערשע אסאכ.

אונ קומט מיר אויס א קינד צו גלעטנ,
איכ טראכט: געזעגנט זײַ, דו קינד,
ס׳איז צײַט דאָס אָרט דיר אָפצוטרעטנ,
איכ וועלק אונ דו—צעבליסט אצינד.

די טעג, די שאָענ, וואָס פארגייענ,
מיט שטילנ קלערנ איכ באגלייט,
איכ וויל אלצ צווישנ זיי דערזענ
דעמ טאָג פונ קומענדיקנ טויט.

אונ ווו ט׳דער גורל טויט מיר שיקנ,
אינ שלאכט, אינ וועג, אינ כוואליעס־ראש,
צי איז אימ גאָר באשערט צו ליגנ
אינ נאָענטנ טאָל מײַנ קאלטנ אש.

אונ כאָטש אלצייננס איז ווו צו פוילנ
דעמ קערפער, וואָס קיינ זאכ ניט פילט,
נאָר צו דעמ היימלאנד צו דעמ ווילנ
פאָרט ליגנ נענטער זיכ ווילט.

אונ זאָל באמ שוועל פונ קייווער מײַנעמ
דאָס יונגע לעבנ שפילנ העל,
אונ די נאטור גלײַכגילטיק שײַנענ
מיט שיינקײַט אייביקער באמ שוועל.

1829 י.

ייִדיש—מ. כאשטשעוואצקי.

* * *

שוין בערגלעך גרוזישע מיט שטילקײַט פארשטעלט,
עס רוישט אראגווע בא מײַן אויער.
ס'איז אומעטיק און גרינג, עס איז מײַן טרויער העל
מיט דיר איז ער דאָך פול מײַן טרויער.

מיט דיר, מיט דיר אַליין, מײַן אײַנגעשטילטן צאר
טוט גאָרניט פּײַניקן און ניט באטריבן.
און ס'ליבט דאָס הארץ באנײַס, און ליבט דערפאר,
ווײַל ס'קאָן ניט, ס'קאָן שוין ניט ניט ליבן.

יידיש—מ. כאשטשעוואצקי.

* * *

כ'בין דאָ, אינעזיליע,
באם פענצטער איך ווארט,
פארהילט איז סעווילי
מיט שלאָף און מיט נאכט.

אָן שרעק פאר געפארן,
אין מאנטל געקליידט,
מיט שווערד און גיטארע
באם פענצטער כ'בין גרייט.

דו שלאָפסט? עס טוט באלד דיך
גיטארע א וועק.
און שטייט אופ דער אלטער,
איך לייג אים אוועק.

דעם זײַדענעם לייטער
פון שויב הענג ארויס.
וואָס שווײַגסטו? א צווייטער
איז עפשער אין הויז?..

כ'בין דאָ, אינעזיליע,
באם פענצטער איך ווארט.
פארהילט איז סעווילי
מיט שלאָף און מיט נאכט.

1830 י.

יידיש—מ. כאשטשעוואצקי.

# דאָרפ

דיכ, שטילער וויספעדיקער ווינקל, איכ באגריס,
דו נעסט פונ רויִקײַט, באגײַסטערונג און מיִונג,
ווו אומבאמערקט דער שטראָם פונ טעג מײַנע זיכ גיסט
אינ שויס פונ גליק און טרוים־צעבליִונג!
כ׳בינ דײַנ: דעמ הויפ פונ די צירצייעס כ׳האָב פארטוישט,
דעמ גלאנצ פונ מאָלצײַטנ, פארבלענדעניש און פראכטנ
אפ שטילקײַט פעלדישע, אפ וואלדישנ גערויש
אפ פרײַקײַט ליכטיקער, די פרײַנדנ פונ מײַנ טראכטנ.
כ׳בינ דײַנ: כ׳האָב ליב דעמ טונקלענ סאָד
מיט קילקײַט זײַנער, מיט די קווייטנ,
דעמ לאָנקע־פעלד מיט דופט פונ סטויגנ א באשפרייטנ,
ווו ס׳ריזלענ קוועלכעלעכ אפ יערנ טראָט.
פאר מײַנע אויגנ בילדער בײַטנ זיכ און שפרייטנ:
צוויי אָזערעס איכ זע—אפ ליכטיק־בלויע ברייטנ
א פישערס זעגל־שפיצ זיכ ווײַסט אמאָל דאָ הי,
און בערגלעכ הינטער זיי, געשטרייפטע פעלדער, פליינענ.
דאָרט ווײַט—צעשאָטנ שטיבלעכ קליינע
אפ טויִק־פײַכטע ברעגעס בלאָנקענדיקע פי,
אמבארנ רויכלדיקע, פליגל־מילנ שיינע;
אלצ רעדט דאָ פונ צופרידנקײַט און מי.
איכ בינ אצינד פונ טומל־פענטנ א באפרײַטער,
איכ לערנ זיכ אינ עמעס זוכנ דאָס געגארטס,
פארגעטערנ געזעצנ מיטנ פרײַענ הארצ,
פונ אוילעמ פינצטערנ, פונ בייזע רייד זײַנ ווײַטער,
זײַנ מיטלײַדיק צו דעמ געבעט אינ שטילנ פײַנ,
דעמ מערדער ניט מעקאנע זײַנ
און אויכ דעמ נאר, וואָס איז אינ גרויסהאלטונג א בלינדער.
אראקולעס פונ דוירעס, פרעגנ אײַכ, כ׳באגער,
אינ שטאָלצער איינזאמקײַט אצינדער
ווי נאָענט אײַער קאָל איכ הער.
ער טרײַבט מײַנ פולנ שלאָפ מײַנ שוהארצנ
און וועקט אינ מיר צו מי א דראנג,
און אינ די טיפנ פונ מײַנ הארצנ
רײַפט אײַער שאפנדער געדאנק.
נאָר א געדאנק מיט שרעק אפ דער נעשאָמע לויערט:
אינ בליִענדיקנ שיינעמ קאנט
דער פרײַנט פונ מענטשהײַט אומעטומ באמערקט מיט טרויער
פונ ווילדנ אומוויסנ די אומגליקלעכע שאנד.
פונ פײַנ זיכ מאכנדיק ניט וויסנ,

פון גוירל אויסדערוויילט דעם מענטש פארניכטן נאָר
דאָס ווילדע פריצנטום אָן רעכט האָט, אָן געוויסן
זיך מיט דער רוט אלץ צוגעייגנט ביז א האָר.
די צײַט .פון לײַבקנעכט און זײַן ארבעט־קראפט—זײַן אייגנס.
פוס־טראָט נאָך פרעמדן אקער, אונטער שמיץ און קלעפּ
די אויסגעצערטע קנעכטשאפט זיך אפּ מעזשעס שלעפּט
און מוז זיך פארן פאָרעצ בויגן.
אזוי ביז סאמע גרוב דעם שווערן יאָך מע ציט;
פון האָפנונג, פון פארלאנג ניט וואגנדיק צו וויסן,
די יונגקײַט מיידלשע דאָ בליט
פאר טײַוועדיקע מערדער צו געניסן;
א טרייסט פאר טאטעס, פארן דאָר וואָס גרויט,
כאווירים פון דער מי, און פון דער שווערער נויט,
פון כאטעס אייגענע פארמערן קומען אָנעט
די מאכנעס הויף־קנעכט אויסגעמאטערטע ביז טויט.
אָ, ווען די שטים מײַנע וואָלט הערצער רעגן קאָנען!
צו וואָס דאָס הארצ מײַנע א פלאם אומזיסט געבאָרט
און ס'פעלט מיר אויס די קראפט די גרויזאמע פון וואָרט?
צי זען איז, מײַנע פרײַנט, א פרײַען פאָלק באשערט מיר,
וואָס לויטן קייסערס וונק, איז מער ניט אונטערדריקט,
און איבער פאָטערלאנד פון פרײַהײַט אופגעקלערטער
ארויסגיין, ענדלעך, וועט דער מאָרגנשײַן פון גליק?

ייִדיש—ר. בוימוואָל, ז. טעלעסין.

* * *

.,. כ'האָב פונסנײַ באזוכט
דאָס ווינקל פון דער ערד, ווו כ'האָב פארבראכט
פארשיקטערהייט, צוויי יאָרן אומבאמערקטע—
שוין דורך צען יאָר פון יענער צײַט—אסאך האָט
אין לעבן איצט געענדערט זיך פאר מיר,
און זעלבסט, געהאָרכזאם דעם געזעץ פון צײַטן—
געביטן האָב איך זיך—נאָר ווידער דאָ
דאָס לאנג־פארגאנגענע פארכאפּט מיך האסטיק,
מיר דוכט, ערשט נעכטן נאָך געבלאָנקעט כ'האָב
אָט אין די וועלדלעך.
אָט איז מײַן כּירעם־שטיבל,
ווו מיט מײַן בידנער ניאנע כ'האָב געלעבט.
די אלטיטשקע איז שוין ניטאָ—איך הער ניט
דאָרט הינטער וואנט די טריט אירע די שווערע,
איר זאָרגעוודיקן נאָכקוקן, איר טרײַען.
אָט איז דאָס בערגל דאָס באוואלדטע דאָרטן

כ'פלעג זיצן אָפט פארגליוועט—קוקן כ'פלעג
אין אָזערע—דערמאָנען זיך מיט אומעט
אָן ברעגן אנדערע, אָן ווײַטע כוואליעס...
דורך פעלדער גאָלדענע און לאָנקעס גרינע
זי שפרייט זיך ברייט און בלוי אזוי פאנאנדער,
אפ אירע וואסערן די אומבאוווּסטע
א פישער שווימט, עס ציט נאָך זיך דער פישער
א נעץ אן אלטן. און אפ די פלאכע ברעגן,
צעוואָרפן זײַנען דערפער—הינטער זיי דאָרט
שטייט א צעקרימטע מיל—די פליגל אירע
קוים קערן אפן ווינט זיך—...
אפן גרענעץ

פון ערדן זיידישע, אפ יענעם אָרט,
ווּ ס'הויבט דער וועג זיך בארג ארופ, פון רעגן
א דורכגעווייקטער, שלאנקע סאָסנעס דרײַ
דאָרט שטייען—איינע ווײַטלעך—צוויי צוזאמען—
איינס לעבן צווייטן,—דאָ, ווען פארבײַ זיי כ'פלעג
אדורכרײַטן אין שײַן פון דער לעוואָנע,
פלעגן די שפיצן מיט באקאַנטן רויש
באגריסן מיך. און איבער יענעם וועג,
כ'בין דורכגעפאָרן איצט. פאר מײַנע אויגן
דערזען כ'האָב ווידער זיי—זיך ניט געביטן,
דער זעלבער שאָרך, וואָס איז באקאנט דעם אויער—
נאָר לעבן זייערע וּוינ אלטע וואָרצלען
(ווּ אלץ געוועזן פוסט און הויל אמאָל איז)
האָט זיך צעוואקסן איצט א יונגער וואלד.
א גרינ־געזינד; די ענג־באזעצטע קוסטעס
ווי קינדער אונטער זייער שאָטן. ווײַט
שטייט אָפגעזונדערט זייערער א כאווער
פארומערט ווי אן אלטער באָכער, ארום אים
ווי פריִער אלץ איז פוסט.
גוט מאָרגן, שײַוועס,

דו, יונגער, אומבאקאנטער! כ'ווייס: ניט איך
דערזען וועל דײַן קרעפטיק־שפעטן, עלטער
ווען סט'איבערוואקסן די באקאנטע מײַנע
און וועסט פארשטעלן זייער אלטן קאָפּ
פון בליק פון דורכגייער.—נאָר אײַער רויש
דערהערן זאָל מײַן אייניקל, ווען ער
ט'זיך קערן פון א כאווערישן שמועס,
און איבערפולט מיט פריילעכע געדאנקען,
וועט ער אין שווארצער נאכט אײַך דאָ פארבײַגיין
און זיך אָן מיר דערמאָנען.

1835 י. יִדיש—ר. בוימוואָל, ז. טעלעסין.

# שיידימ

וואָלקנס פליִענ, וואָלקנס דרייענ,
די לעוואָנע דורכ א זיפּ
לייַכט אפ פליִענדיקע שנייענ,
טריב דער הימל, נאכט איז טריב.
כ'פאַר אונ פאָר אינ פעלד אינ ריינעמ,
דינ־דינ־דינ—דאָס גלעקל קלינגט,
שרעקלעכ, שרעקלעכ איז מיר איינעמ
צווישנ ווילדפלאכנ אצינד.

גיכער פורמאנ!—וואָסער גיכער?
ס'שלעפנ, פאָרעצ, ניט די פערד!
ס'קלעפּט די אויגנ מיר דער וויכער,
אלע וועגנ ס'האָט פארקערט.
מ'זעט קיינ שפּור ניט, מייַנע סאָנימ,
ווו דער וועג איז, גייט פארשטייט,
ס'פירט אונדז אומ דער שעד אפּאָנימ
אונ אינ אלע זייַטנ דרייט.

גיב א קוק נאָר: אָט־אָ ברויזט ער,
מיר אינ פּאָנעמ שפּילט אונ שפּייַט.
אָט—אצינד אינ גראָבנ שטויסט ער
דעמ צעדולטנ פערד אינ זייַט.
אָט ארויסגעקראָכנ נעבנ
ווי א סלופּ אינמיטנ וועג,
ווי א פונק א בליצ געגעבנ
אונ אינ פינצטערניש אוועק.

פליִענ וואָלקנס, וואָלקנס דרייענ,
די לעוואָנע דורכ א זיפּ
לייַכט אפ פליִענדיקע שנייענ,
טריב דער הימל, נאכט איז טריב.

אויסגעמאטערט, אָפּגעשטעלט זיכ,
שטייַגט דאָס גלעקל מיטאמאָל,
וואָס זעט ווייַט דאָרטנ אינ פעלד זיכ?
כ'ווייס, א פניאָק אָדער א וואָלף.

וויינט דער וויכער, קלאָגט ער, שרייַט ער,
ציטערט אפ די פערד די פעל.
אָט־אָ שפּרינגט דער שעד דאָרט ווייַטער,
בלויז די אויגנ ברענענ העל.
ווידער האָבנ פערד געטריבנ,
דינ־דינ־דינ—דאָס גלעקל קלינגט.
ס'האָבנ רוכעס זיכ פארקליבנ
צווישנ ווילדפלאכנ אצינד.

אָנ א סאָפ אונ ווילד־פארשיידנ
אינ דער טריבער לעוואָנע־שפּיל
זיכ פארדרייט דאָ האָבנ שיידימ
ווי נאָיאבער־בלעטער פיל.
ווו זשע טראָגט עס זיי אזויפיל?
וואָס איז פאר א טרויער־גוואלד?
גיט מענ אויסעט א מכאשייפע,
צי דעמ הויז־גייַסט מע באהאלט?

פליִענ וואָלקנס, וואָלקנס דרייענ,
די לעוואָנע דורכ א זיפּ
לייַכט אפ דרייענדיקע שנייענ
טריב דער הימל, נאכט איז טריב.
פליִענ שיידימ, גאנצע ראָיענ,
פילנ אָנ די לופט דורכויס.
מיט די קלאָגנ אונ געוואָיענ
רייַסנ זיי דאָס הארצ מיר אויס.

1830 י.

יִדיש—מ. כאשטשעוואצקי.

* * *

ראָב צו ראָב פליט פונ דער וויַט,
ראָב צו ראָב פונ וויַטנ שריַיט:
„ראָב, ווּ כאפנ מיר א ביסנ?
קאָנענ מיר זיכ ווּ דערוויסנ?“

ענטפערט ראָב צו ראָב מיט פרייד:
„ס'איז א מיסיק אונדז פארגרייט,
ס'שטייט אינ פעלד א בוימ א טריבער,
אונטער אימ א טויטער גיבער“.

ווער האָט אימ געטויט, פארוואָס,
ווייסט זיַנ פאלק נאָר מיט פארדראָס,
ווייסט דאָס פערדל זיַינס דאָס פיַינע
אונ די באלעבאָסטע זיַינע.

איז דער פאלק פארפלויגנ וויַט,
אפנ פערד דער סוינע ריַיט
אונ דאָס וויַבל ווארט איר ליבנ—
דעמ, וואָס לעבעדיק געבליבנ.

1828 י.

יידיש—מ. כאשטשעוואצקי.

# דעליבאש

הינטער בערגלעכ קוילנ קנאקנ,
קוקנ לאָגערנ באראשט:
אפנ בארג פאר די קאזאקנ
יאָגט דער שיינער דעליבאש.

דעליבאש! ניט פרווו דעמ צאָרנ,
היט דיַנ לעבנ ווי עס איז,
וויי וועט זיַנ צו דיַינע יאָרנ,
וועסט דאָכ שטעקנ אפ א שפיז.

היי, קאזאק! מיַיד אויס די שטריַיטנ,
דעליבאש וועט אינ גאלאָפ
פונ די אקסלענ דיר א שניַיד טאָנ
מיט דער קרומער שווערד דעמ קאָפ.

אָט זיי פליענ! גיב א בליק נאָר!
איינס דעמ אנדערנ געפאקט.
דעליבאש איז אפ דער פיקע,
אָנ א קאָפ איז דער קאזאק.

1829 י.

יידיש—מ. כאשטשעוואצקי.

א. ס. פושקין

# די געשיכטע פון דאָרף גאָריוכינאָ

אויב גאָט וועט מיר צושיקן לעזער, וועלן זיי מיסטאָמע נײַגעריק זײַן צו וויסן ווי־
אזוי האָב איך זיך עס גענומען אָנצושרײַבן די געשיכטע פון דאָרף גאָריוכינאָ. דערי־
בער מוז איך ארײַנדרינגען אין אייניקע פּאָרויסיקע איינצלהײַטן.
איך בין געבוירן געוואָרן בא ערלעכע און ווילגעבירטיקע עלטערן, אינעם דאָרף
גאָריוכינאָ אין 1801 יאָר, אין ערשטן טאָג פון כוידעש אפּרעל, און אָנפאנגלעכע ביל־
דונג האָב איך געקראָגן בא אונדזער דיאקל. דיזן געערטן מאן האָב איך צו פארדאנקען
דעם ווילן צום לייענען און ביכלאל צו ליטעראַרישע פארנעמונגען, וואָס האָט זיך דער־
נאָך אנטוויקלט בא מיר. כאָטש מײַנע דערפאָלגן זײַנען געווען לאנגזאמע, נאָר גאנץ
פונדאמענטאלע, ווײַל אפן צענטן יאָר נאָך מײַן געבוירן האָב איך שוין געוווסט קימאט
דאָס אלץ, וואָס איז פארבליבן ביזן הײַנטיקן טאָג אין מײַן זיקאָרן, וועלכער איז פון
דער נאטור א שוואכער און מען האָט מיר ניט דערלויבט איבעריק פארלעסטיקן אים
צוליב מײַן אויכעט שוואכן געזונט.

שטענדיק האָט מיר אויסגעוויזן, אז מער פון אלץ איז ווערט צו מעקאַנע זײַן דעם
בארוף פון א ליטעראטער. מײַנע עלטערן, געערטע לײַט, נאָר פּאָשעטע און אלטמאָדיש־
דערצויגענע, האָבן קיינמאָל גאָרנישט ניט געלעזן און אין גאנצן הויז זײַנען קיינע ביכער
ניט געווען אויסער די אזבוקע, וועלכע מע האָט געקויפט פאר מיר, קאלענדארן און דער
„נײַסטער בריוונשטעלער“. לייענען דעם בריוונשטעלער איז פאר מיר געווען די באליבטסטע
איבונג. איך האָב אים געקאָנט אפּ אויסווייניק, און ניט קוקנדיק אפּ דעם האָב איך אין
אים יעדן טאָג געפונען נײַע, ניט באמערקטע פערלען. נאָכן גענעראל פּלעמיאַניקאָוו,
בא וועלכן מײַן פאָטער איז געווען אַן אדיוטאנט, האָט מיר אויסגעזען, אז דער סאמע
גרעסטער מענטש איז קורהאנאָוו. איך האָב בא אלעמען פאנאנדערגעפרעגט וועגן אים,
נאָר, צום באדויערן, האָט קיינער ניט געקאָנט באפרידיקן מײַן נײַגער, קיינער האָט אים פער־
זענלעך ניט געקאָנט, אפּ אלע מײַנע פראגן האָט מען נאָר געענטפערט, אז קורהאנאָוו האָט פאר־
פאסט דעם „נײַסטן בריוונשטעלער“, וועגן וואָס איך האָב גאנץ גוט געוווסט אויך פריער.
א טיפע פינצטערניש פון אומבאוווסטקײַט האָט אים ארומגערינגלט ווי עפּעס אַן אוראלטן
האלב־גאָט; אַן אנדערשמאָל בין איך גאָר ארײַנגעפאלן אין סאָפעק בענעגייע דער ווירק־
לעכקײַט פון זײַן עקזיסטענץ. זײַן נאָמען, האָט זיך מיר געדוכט, איז אַן אויסגעטראכ־
טער און די לעגענדע וועגן אים איז א פוסטער מיפ, וועלכן עס דערוואַרט צו ווערן
אויסגעפאָרשט דורך א נײַעם ניבור. דאָך האָט ער אלץ פארפאָלגט מײַן פאנטאזיע, איך

האָב זיך באמיט צוגעבן א וואָסער ניט איז געשטאלט דיזער געהיימניספולער פערזאָן, און לעסאָף האָב איך באשטימט, אז ער האָט געדארפט ענלעך זײַן אפן זעמסקן בײַזיצער קאָריוטשקין, א קליינער אלטיטשקער מיט א רויטער נאָז און מיט פינקלדיקע אויגן.

אין 1812 יאָר האָט מען מיר אוועקגעפירט אין מאָסקווע און אָפּגעגעבן אין פּאַנסיאָן פון קארל איוואנאָוויטש מײַער—ווו איך בין געווען ניט מער ווי דרײַ כאדאָשים, ווײַל מען האָט אונדז פאנאנדערגעלאָזן פארן ארײַנטריט פונעם סוינע—איך האָב זיך אומגעקערט אין דאָרף. נאָכדעם ווי מע האָט ארויסגעטריבן די צוועלף אומעס האָט מען מיר ווידער אוועקגעפירט אין מאָסקווע א קוק צו טאָן, צי האָט זיך ניט אומגעקערט קארל איוואנאָוויטש אף זײַן פריערדיקן כורבן אָדער, אין קעגנפאל, אָפּגעבן מיר אין אן אנדער שול, נאָר איך האָב אײַנגעבעטן דער מאמען איבערלאָזן מיר אין דאָרף, ווײַל מײַן געזונט האָט מיר ניט דערלויבט אופשטיין פון בעט זיבן אזייגער אינדערפרי, ווי עס איז געוויינלעך אײַנגעפירט אין אלע פאנסיאָנען. אזוי ארום, האָב איך דערגרייכט דעם 16־יאָריקן עלטער, פארבלײַבנדיק בא מײַן אָנפאנגלעכער בילדונג און שפּילנדיק אין לאפטא מיט מײַנע פארווײַל־ייִנגלעך, די איינציקע וויסנשאפט אין וועלכער איך האָב געקראָגן א גענוגע אנונג ביז איך האָב פארבראכט אין פאנסיאָן.

אין דיזער צײַט בין איך באשטימט געוואָרן אלס יונקער אין פעכאָטע־פאָלק, אין וועלכן איך האָב זיך געפונען ביזן פארגאנגענעם ...18 יאָר. מײַן זײַן אין פאָלק האָט מיר איבערגעלאָזן ווייניק אנגענעמע אײַנדרוקן אויסער דער העכערונג אין אָפיצערישן טשין און דעם געווינס פון 245 ר., אין דער צײַט ווען אין קעשענע זײַנען בא מיר פארבליבן אינגאנצן 6 גריווניעס. דער טויט פון מײַנע טײַערסטע עלטערן האָט מיר געצוווּנגען אוועקגיין פון פאָלק און אומקערן זיך אין מײַן געבורטסהיים.

דיזע עפּאָכע פון מײַן לעבן איז פאר מיר אזוי וויכטיק, אז איך בין גענויגט אָפּשטעלן זיך ווען איר גענויער, אנטשולדיקן זיך אפריִער פארן וווילגענויגטן לייענער, אויב איך וועל צום שלעכטס אויסנוצן זײַן ליבנסווירדיקע אופמערקזאמקײַט.

דער טאָג איז געווען א הארבסטיקער און פארכמארעטער. אָנקומענדיק אף דער סטאנציע פון וועלכער איך האָב געדארפט פארקערן אף גאָריוכינאָ, האָב איך געדונגען א פרײַע פור און אוועקגעפאָרן מיט דעם פעלד־שטעגל. כאָטש פון דער נאטור האָב איך א שטילן כאראקטער, נאָר דער אומגעדולד ווידער צו דערזען די ערטער, ווו איך האָב פארבראכט מײַנע בעסטע יאָרן, האָט מיר אזוי שטארק באהערשט, אז איך האָב יעדע מינוט צוגעטריבן מײַן פורמאן, אָט צוזאָגנדיק אים געבן אף בראנפן און אָט דראָענדיק מיט קלעפּ, און אזוי ווי ס'איז מיר באקוועמער געווען שטויסן אים אין זײַט, איידער ארויסנעמען און פאנאנדערבינדן דעם בײַטל, דארף איך זיך אנערקענען, אז איך האָב אים אמאָל דרײַ א קלאפּ געטאָן, וואָס האָט קיינמאָל מיט מיר ניט פאסירט. וואָרום דער פורמאנעס־שטאנד, איך ווייס אליין ניט פארוואָס, איז פאר מיר באזונדערס ליבלעך. דער פורמאן האָט געטריבן זײַנע דרײַ פערד, נאָר מיר האָט זיך געדאכט, אז ער, לויט דער פורמאנישער געוווינהײַט, אײַנריידנדיק די פערד און טרייסלענדיק מיטן בײַטש, האָט דאָך פארצויגן די לייצעס. לעסאָף האָב איך דערזען דעם גאָריוכינער יונג־וועלדל; און אין צען מינוט ארום בין איך ארײַנגעפאָרן אין פריצישן הויף. מײַן הארץ האָט שטארק געקלאפט. איך האָב געקוקט ארום זיך מיט אן אומבאשרײַבלעכער באוואונדערונג. אכט יאָר האָב איך ניט געזען גאָריוכינאָ. די בעריאָזקעס, וועלכע זײַנען פאר מיר נאָך פארזעצט געוואָרן עבן פלויט—זײַנען איצט געוואָרן הויכע, צווײַגיקע ביימער. דער

הויפ, וועלכער איז אמאָל געווענ באַפוצט מיט דרײַ ריכטיק־פאַרזעצטע קלומבעס, צווישנ וועלכע עס האָט זיכ געצויגנ א ברייטער וועג פאַרשאָטנ מיט זאמד, איז איצט פאַרוואנדלט געוואָרנ אינ א ניט־אָפּגעשניטענער לאָנקע, וווּ עס האָט זיכ געפיטערט די געפלעקטע בעהיימע. מײַנ ברישקע האָט זיכ אָפּגעשטעלט נעבנ פאָדערשטנ גאנעק. מײַנ מענטש האָט שוינ געהאלטנ באַם עפענענ די טירנ, נאָר זיי זײַנענ געווענ פאַרקלאפּט, כאָטש די לאָדנ זײַנענ געווענ אָפנ און ס'האָט אויסגעזענ, אז די שטוב איז באַזעצט. א באָבע איז ארויס פונ דינער־שטיבל און האָט געפרעגט וועמענ באַדארפ איכ. דערוויסנדיק זיכ, אז דער פּאָרעצ איז געקומענ צופאָרנ, איז זי ווידער ארײַנגעלאָפנ אינ שטיבל און באַלד האָבנ די הויפיקע מיכ ארומגערינגלט. איכ בינ געווענ גערירט ביזנ טיפנ הארצנ, דערזעענדיק די באַקאנטע און אומבאַקאנטע פּנעמער—און איכ האָב זיכ פרײַנטלעכ מיט אַלעמענ צעקושט: מײַנע פאַרווײַל־יינגלעכ זײַנענ שוינ געוואָרנ מוזשיקעס, און די שיק־מיידלעכ, וואָס זײַנענ אמאָל געזעסנ אָפנ דיל זײַנענ שוינ געוואָרנ כאסענע געהאטע באָבעס. די מענער האָבנ געוויינט. די פרויענ האָב איכ געזאָגט אָנ צערעמאָניעס: „ווי אלט דו ביסט געוואָרנ"—מיר האָט מענ געענטפערט מיט געפיל: „ווי איר זײַט, פעטערל, מיִעס געוואָרנ"—מע האָט מיכ צוגעפירט צום הינטערשטנ גאנעק, מיר אנטקעגנ איז ארויס מײַנ אם און האָט מיכ ארומגענומענ מיט געוויינ און געיאָמער, ווי דעם פילגעליטענעם אָדיסיי. מע איז אוועקגעלאָפנ אײַנהייצנ די באָד. דער קוכער, וואָס האָט איצט פונ אומטעטיקייט פאַרלאָזנ זיכ א באָרד, האָט זיכ אָנגענומענ צוגרייטנ פאַר מיר א מיטיק אָדער אנ אָוונט־ברויט, ווײַל ס'האָט שוינ געטונקלט. מענ האָט באַלד אָפּגערייניקט פאַר מיר די צימערנ, אינ וועלכע עס האָבנ געלעבט די אם מיט די מיידלעכ פונ מײַנ פאַרשטאָרבענער מוטער און איכ בינ פאַרבליבנ אינ מײַנ רויִקנ פאָטער-נעסט, און איכ בינ אײַנגעשלאָפנ אינ דעמזעלבנ צימער, אינ וועלכנ איכ בינ געבוירנ געוואָרנ מיט דרײַ און צוואנציק יאָר צוריק.

קימאט דרײַ וואָכנ זײַנענ באַ מיר דורכ אינ פאַרשיידענע דרייענישנ—איכ האָב זיכ געייסעקט מיט די בײַזיצער, מיט די אדלפירער און מיט די קאָלערליי גובערנסקע טשינאָווניקעס—לעסאָפּ האָב איכ איבערגענומענ די ירושע און איכ בינ געשטעלט געוואָרנ אינ דער שפּיצ פונ מײַנ פאָטער־היימ.—איכ האָב זיכ באַרויִקט, נאָר באַלד האָט דער אומעט פונ אומטעטיקייט מיכ גענומענ פײַניקנ. איכ בינ נאָכ ניט געווענ באַקאנט מיטנ גוטנ און געערטנ שאָכנ מײַנעמ**. די ווירטשאפטלעכע אייסאָקימ זײַנענ מיר געווענ פרעמד.—די געשפּרעכנ פונ מײַנ אם, וועלכע איכ האָב דערהויבנ ביז אנ עקאָנאָמקע און שטוב־פירערנ, זײַנענ באַשטאַנענ בעסאכאקל פונ 15 היימישע אנעקדאָטנ, גאנצ אינטערעסאנטע פאַר מיר, נאָר זי האָט זיי שטענדיק דערציילט אפ איינ אויפנ, אזוי ארומ איז זי געוואָרנ פאַר מיר א צווייטער „נײַסטער בריוונשטעלער", אינ וועלכנ איכ האָב געוווּסט, אז אפ דער און דער זײַט קענ איכ געפינענ די און די שורע.—דעמ עמעסנ פאַרדינסטפולנ בריוונשטעלער האָב איכ געפונענ אינ א נעבעכדיקנ צושטאנד אינ שפּײַכלער צווישנ פאַרשיידענעמ אלטווארג. איכ האָב אימ ארויסגעטראָגנ אפ דער העלער שײַנ און שיר ניט גענומענ זיכ פאַר אימ. נאָר קורהאנאָוו האָט באַ מיר אָנגעוואָרנ זײַנ פריִערדיקנ כיינ, איכ האָב אימ דורכגעלייענט איינ מאָל און מער האָב איכ אימ שוינ ניט געעפנט.

אינ דערדאָזיקער אויסערגעוויינלעכער לאַגע, איז מיר אײַנגעפאלנ א געדאנק, צי זאָל איכ אליינ ניט א פּרוּוו טאָנ עפּעס פאַרפאסנ? דער וווילגענייגטער לעזער ווייס שוינ, אז איכ בינ דערצויגנ געוואָרנ אפ קופּער־געלט און אז מיר האָט זיכ ניט געמאכט דער צופאל צו פאַרפּילנ אליינ דאָס, וואָס איז שוינ אמאָל דורכגעלאָזנ געוואָרנ, שפּילנדיק ביז

16 יאָר מיט די הויפּ־ייִנגלעך און וואנדערנדיק דערנאָך פון גובערניע צו גובערניע, פון שטוב צו שטוב, פארברענגענדיק די צײַט מיט ייִדן און מארקיטאנטן, שפּילנדיק אפ אָפּגעפליקטע ביליארדן, און מארשירנדיק אין קויט.

דערצו האָט מיר אויסגעוויזן, אז ווערן א פארפאסער איז עס אזא סײַכלדיקע זאך, אזא אומדערגרייכטע פאר אונדז, ניט־געזאלבטע, אז דער געדאנק נעמען זיך פאר דער פען האָט מיך אפריִער איבערגעשראָקן. צי האָב איך געקאָנט וואגן ארײַנפאלן אין דער צאָל פון די שרײַבער, ווען אפילע מײַן פלאמיקער פארלאנג צו באגעגענען זיך מיט איינעם פון זיי איז קיינמאָל ניט פארווירקלעכט געוואָרן? נאָר דאָס דערמאָנט מיר א צופאל, וועלכן איך קלײַב זיך דערציילן אלס באווײַז פון מײַן שטענדיקער לײַדנשאפט צו דער פאָטערלענדישער ליטעראטור.

אין 1820 יאָר, נאָך זײַענדיק א יונקער, האָט זיך מיר געמאכט צוליב א קאזיאָנעם אופטראג זײַן אין פעטערבורג. איך האָב דאָרטן אָפּגעלעבט א וואָך צײַט און ניט קוקנדיק אף דעם, וואָס איך האָב דאָרטן ניט געהאט קיין איין באקאנטן מענטשן, האָב איך פארבראכט די צײַט אויסערסט פריילעך; יעדן טאָג בין איך זיך שטילינקערהייט געגאנגען אין טעאטער, אפ דער גאלעריי פון 4־טן יארוס; אלע אקטיאָרן האָב איך געקענט לויטן נאָמען און איך האָב זיך הייס פארליבט אין **, וועלכע האָט אין איינעם א זונטיק געשפּילט מיט גרויס קונסט די ראָליע פון אמאליען אין דער דראמע „האס צו מענטשן און כאראָטע". אינדערפרי, אומקערנדיק זיך פון הויפּט־שטאב, פלעג איך געוויינלעך פארגיין אין א נידעריקן קאָנפעטן־קרעמל און בא א קריגעלע שאָקאָלאד לייענען די ליטעראַרישע זשורנאלן.—איינמאָל בין איך געזעסן א פארטיפעטער, לייענענדיק דעם קריטישן ארטיקל פונעם „ווילגענייגטן"; איינער אין א שינעל פון ארבעס־קאָליר איז צו מיר צוגעגאנגען און האָט פון אונטער מײַן ביכל שטיל ארויסגעצויגן דאָס בלעטל „האמבורגער צײַטונג". איך בין געווען אזוי פארנומען, אז איך האָב אפילע ניט אופגעהויבן קיין אויג. דער אומבאקאנטער האָט זיך באשטעלט א ביפשטעקס און ס'זיך אוועקגעזעצט אנטקעגן מיר; איך האָב אלץ געלייענט, ניט ווענדנדיק אף אים קיין אופמערקזאמקײַט; ער האָט דערווײַל געפרישטיקט, קאעסדיק אויסגעזידלט דעם ייִנגל פאר עפעס א פעלער, האָט אויסגעטרונקען א האלב־בוטל ווײַן און איז ארויס.—דערבײַ האָבן געפרישטיקט צוויי יונגע לײַט. „דו ווייסט ווער דאָס איז געווען?"—האָט איינער געזאָגט צום צווייטן:—„דאָס איז ב.—א פארפאסער".—א פארכאסער!—האָב איך ארויסגעשריִען ניט ווילנדיקערהייט, און איבערלאָזנדיק דעם זשורנאל ניט דערלייענט, און די שאָקאָלאד ניט—דערטרונקען, בין איך צוגעלאָפן פאנאנדערצאָלן זיך און ניט דערווארטנדיק זיך אף אויסגאָב, ארויסגעלאָפן אפן גאס.

קוקנדיק אף אלע זײַטן, האָב איך פונדערווײַטן דערזען דעם ארבעס־שינעל, און איך האָב זיך געלאָזן נאָך אים איבער ניעווסקער פּראָספעקט, שיר ניט לויפנדיק. דורכמאכנדיק עטלעכע טריט, דערפיל איך מיטאמאָל, אז מע שטעלט מיך אָפּ, איך קוק זיך ארום, א גוואַרדיע־אָפיצער גיט מיר א באמערקונג, אז איך וואָלט ניט געדארפט אים אראָפּשטויסן פון טראָטואר, נאָר גלײַכער אָפּשטעלן זיך און אויסציִען זיך פאר אים.—נאָך דעם דאָזיקן אויסרייד בין איך געוואָרן אָפּגעהיטער, פונקט, אף מײַן אומגליק, האָב איך זיך יעדע מינוט באגעגנט מיט אָפיצערן. איך האָב זיך יעדע מינוט אָפּגעשטעלט, און דער פארפאסער איז פון מיר אוועק אלץ ווײַטער. פון געבוירן אָן איז מיר די סאָלדאטישע שינעל ניט געווען אזוי שווער—פון געבוירן אָן האָב איך קיינמאָל אזוי ניט מקנא געווען

עפּאָלעטנ; לעסאָף האָב איכ נעבנ אניטשקינ־בריק דעריאָגט דעם ארבעס־שינעל. „דערלויבט צו פרעגנ—האָב איכ געזאָגט—צושטעלנדיק די האנט צום שטערנ—איר זײַט דער הער ב.,‏ וועמעס וונדער־שיינע ארטיקלענ איכ האָב געהאט דאָס גליק צו לייענענ אינעם „פארשפרייטער פונ בילדונג?"—ניינ, ניט־ס,—האָט ער מיר געענטפערט,—איכ בינ ניט קיינ פּארפּאסער, נאָר א סטראפּטשע; נאָר ** קאָנ איכ גאנצ גוט. מיט א פערטל שאָ צוריק האָב איכ אים באגעגנט באם פּאָליצײ־בריק.—אזוי ארום האָט מיר מײַנ אכטונג צו דער רוסישער ליטע־ראטור געקאָסט 30 קאָפּיקעס פונעם ניט באקומענעם אויסגאָב, אנ אויסרייד אפ דער שטעלע, אונ שיר־שיר ניט קיינ ארעסט—אונ אלצ אומזיסט.

ניט קוקנדיק אפ אלע דערווידערונגענ פונ מײַנ סייכל, האָט דער אזעסדיקער געדאנק—ווערנ א שרײַבער—יעדע מינוט אײַנגעפאלנ מיר אינ קאָפּ. לעסאָף, ניט זײַענדיק אימ-שטאנד קעגנשטעלנ זיכ דער נייגונג פונ דער נאטור, האָב איכ זיכ אופגענייט א גראָבנ העפט מיטנ פעסטנ באשלוס פארפילנ אימ מיט וואָס ניט איז. אלערליי מינים פּאָעזיע (וועגנ דער נאָכביבּיקער פּראָזע, האָב איכ נאָכ ניט געטראכט) זײַנענ דורכ מיר פּאנאנ־דערגעקליבנ געוואָרנ, אָפּגעשאצט, אונ איכ האָב זיכ מיט א פעסטנ ווילנ גענומענ פאר אנ עפּישער פּאָעמע, וואָס איר טעמע האָב איכ געשעפּט פונ דער „פּאָטערלענדישער געשיכטע".—איכ האָב ניט לאנג געזוכט זיכ א העלד. איכ האָב אויסגעקליבנ ריוריקנ—אונ גענומענ זיכ פאר דער ארבעט.

צו לידער האָב איכ געקראָגנ א געוויסע געוווינהײַט, איבערשרײַבנדיק די העפטלעכ, וואָס זײַנענ געגאנגענ איבער די הענט צווישנ אונדזערע אָפיצערנ, נעמלעכ: „דער געפער־לעכער שאָכנ", „די קריטיק פונ מאָסקווער בולוואר", פונ „די פּרעסנער סאזשלקעס" א. ד. ג. ניט קוקנדיק אפ דעם, האָט זיכ מײַנ פּאָעמע געשריבנ לאנגזאם אונ איכ האָב זי גע־וואָרפנ בא דער דריטער ליד. איכ האָב געטראכט, אז דער עפּישער זשאנר איז ניט מײַ־נער, אונ איכ האָב אָנגעהויבנ א טראגעדיע „ריוריק". די טראגעדיע איז בא מיר ניט געגאנגענ. איכ האָב געפּרוווט פארוואנדלענ זי אינ א באלאדע, נאָר די באלאדע האָט זיכ עפּעס בא מיר אויכ ניט באקומענ. לעסאָף האָט די באגײַסטערונג מיכ באפליגלט אונ איכ האָב בעשאָלעמ פארענדיקט אנ אופשריפט צו ריוריקס פּאָרטרעט. ניט קוקנדיק אפ דעם, וואָס מע קענ ניט זאָגנ, אז מײַנ אופשריפט איז אינגאנצנ ניט ווערט די אופמערק־זאמקײַט, באזונדערס ווי אנ ערשט ווערק פונ א יונגנ לידער־פּארפּאסער, דאָכ האָב איכ דערפילט, אז איכ בינ ניט געבוירנ געוואָרנ אלס פּאָעט, אונ איכ האָב זיכ באנוגנט מיט דעם דאָזיקנ ערשטנ פּרווו. נאָר מײַנע שעפערישע פּרוווונ האָבנ מיכ אזוי צוגעבונדנ צו די ליטעראַרישע פארנעמונגענ, אז איכ האָב זיכ שוינ ניט געקאָנט שיידנ מיט דער העפט אונ מיטנ טינטער.—איכ האָב געוואָלט אראָפּנידערנ צו פּראָזע.

אינ ערשטנ פאל, ניט האָבנדיק קיינ כיישעק צו פארנעמענ זיכ מיט א פּאָרויסיקער דערלערנונג, מיט צונויפשטעלנ א פּלאנ, אונ מיטנ צונויפעסטיקנ די טיילנ א. ד. ג. האָב איכ בעהאס בעדייע שרײַבנ באזונדערע געדאנקענ, אָנ א פארבינדונג, אָנ קיינ אָרדענונג, אינ דעם אויסזען, ווי זיי וועלנ זיכ מיר פּאָרשטעלנ. צום אומגליק, זײַנענ קיינ גע־דאנקענ מיר ניט אײַנגעפאלנ אינ קאָפּ—אונ פאר גאנצע צוויי טעג האָב איכ אָנגעטראכט נאָר די פּאָלגנדיקע באמערקונג:

א מענטש, וואָס וואַרפט זיכ ניט אונטער די געזעצנ פונ פארשטאנד אונ וועלכער איז געוווינט נאָכצופּאָלגנ דער אופווירקונג פונ די טײַוועס, פארבלאָנדזשעט גאנצ אָפּט, אונ ער ברענגט זיכ אליינ צו א שפּעטיקער כאראָטע.

ס'איז, פארשטייט זיכ, א גערעכטער געדאנק, נאָר שוינ ניט קיינ נײַער.— איבערלאָזנדיק די געדאנקענ, האָב איכ זיכ גענומענ פאר דערציילונגענ, נאָר ניט קאָנענדיק, פונ ניט געניטקײַט, פאנאנדערשטעלנ די אויסגעטראכטע פאסירונג, האָב איכ אויסגעקליבנ בלענצנדיקע אנעקדאָטנ, וועלכע איכ האָב אמאָל געהערט פונ פארשיידענע פערזאָנענ, אונ איכ האָב זיכ באמיט באפוצנ דעמ עמעס מיט דער לעבעדיקײַט פונ דערציילנ, אונ אנ אנדערשמאָל מיט די קוויטנ פונ מײַנ אייגענער פאנטאזיע. צונויפשטעלנדיק דיזע דערציילונגענ האָב איכ ביסלעכווײַס אויסגעבילדעט מײַנ סטיל אונ איכ האָב זיכ אויסגעלערנט אויסדריקנ ריכטיק, אנגענעמ אונ פרײַ.—נאָר שנעל האָט זיכ מײַנ זאפאס אויסגענומענ, אונ איכ האָב ווידער גענומענ זוכנ אנ אָביעקט פאר מײַנ ליטעראַרישע טעטיקײַט.

דער געדאנק צו איבערלאָזנ די קליינלעכע אונ צווייפלהאפטיקע אנעקדאָטנ, קעדיי צו דערציילנ עמעסדיקע אונ גרויסע געשעענישנ—האָט שוינ לאנג באונרויִקט מײַנ פאנטאזיע. זײַנ א דיכטער, א נאָכשפירער אונ א נאָווי פונ יאָרהונדערטנ אונ פעלקער—דאָס האָט מיר שטענדיק אויסגעזענ פאר דער העכסטער שטופע, וואָס איז דערגרייכבאר פאר א שרײַבער. נאָר וואָס פארא געשיכטע האָב איכ געקאָנט אָנשרײַבנ מיט מײַנ נעבעכדיקער געבילדעטקײַט, ווו עס זאָל מיר ניט פארלויפנ דעמ וועג די פיל־געבילדעטע געוויסנהאפטע לײַט? וואָסער מינ געשיכטע איז נאָכ ניט אויסגעשעפט דורכ זיי? זאָל איכ זיכ אוועקשטעלנ שרײַבנ די אלוועלטלעכע געשיכטע, טאָ עקזיסטירט דענ ניט די שוינ אומשטערבלעכע ארבעט פונעמ אבאט מילאָט? זאָל איכ זיכ ווענדנ צו דער פאָטערלענדישער געשיכטע, איז וואָס קאָנ איכ זאָגנ נאָכ טאטישטשעוונ, באָלטינענ אונ גאָליקאָוונ? אונ צי איז עס מיר געגעבנ ריִענ זיכ אינ די פינקאָסימ אונ דערקלײַבנ זיכ צו דעמ פארבאהאלטענעמ זינ פונ א פארשימלטער שפראכ, ווענ איכ האָב זיכ אפילע ניט געקאָנט אויסלערנענ די סלאווישע ציפערנ? איכ האָב געטראכט וועגנ א געשיכטע פונ א קלענערנ פארנעמ, צ. ב., וועגנ דער געשיכטע פונ אונדזער גובערניע־שטאָט; נאָר וויפל אומדערגרייכבארע שטרויכלונגענ זײַנענ אויכ דאָ פאר מיר! פאָרנ אינ שטאָט, וויזיטנ צומ גובערנאטער אונ ארכיריי, א ביטע וועגנ צולאָזנ אינ די ארכיוונ, אינ די מאָנאסטירישע סקלעפנ א. ד. ג. די געשיכטע פונ אונדזער אויעזד־שטאָט וואָלט פאר מיר געווענ באקוועמער, נאָר זי איז ניט געווענ אינטערעסאנט ניט פאר א פילאָסאָפ, ניט פאר א פארגמאטיק, אונ האָט איבערגעלאָזנ ווייניק שפּײַז פאר מעליצע.

*** איז געקרוינט געוואָרנ פאר א שטאָט ערשט אינ **17 יאָר, אונ די איינציקע אויסערגעוויינלעכע געשעעניש, וואָס האָט זיכ פארהיט אינ זײַנע פינקאָסימ איז די שרעקלעכע סרייפע, וואָס איז געשענ מיט צענ יאָר צוריק—וואָס האָט פארניכטעט דעמ מארק אינ די פריסוטסטווענע ערטער.

א צופעליקע געשעעניש האָט דערלייזט מײַנע וואקלענישנ.

די באָבע, וואָס האָט צעהאנגענ די וועש אפנ בוידעמ, האָט געפונענ אנ אלטנ קאָשעק פארפולט מיט שפענדלעכ, מיסט אונ ביכער. די גאנצע הויז האָט געוווּסט וועגנ מײַנ ליבע צו לייענענ.—אינ דער זעלבער צײַט, ווענ איכ בינ געזעסנ בא מײַנ העפט, גריזעט די פענ אונ געטראכט וועגנ א פרווו פונ דאָרפישע מעסעס, האָט מײַנ עקאָנאָמקע פײַערלעכ ארײַנגעטראָגנ דאָס קערבל אינ מײַנ צימער, אונ פריידיק אויסגעשריִענ: „ביכער! ביכער!״—ביכער! האָב איכ איבערגעכאזערט מיט אנטציקונג אונ א וואָרפ געטאָנ זיכ צומ קערבל. איכ האָב, בעעמעס, דערזענ א גאנצע קופע ביכער אינ גרינע אונ

בלויע פּאַפּירענע אײַנבונדן—דאָס איז געווען א זאַמלונג פון אַלטע קאַלענדאַרן. דידאָזיקע אנטדעקונג האָט אָפּגעקילט מײַן אנטציקונג, נאָר דאָך בין איך געווען צופרידן פון דער אומגעריכטער מעציִע: דאָס זײַנען דאָך געווען ביכער, און איך האָב פון דער פרלער האַנט באַלוינט די מי פון מײַן וועשערן מיט א זילבערנעם האַלבן־רובל.

פאַרבלײַבנדיק אַליין, האָב איך גענומען באַטראַכטן מײַנע קאַלענדאַרן, און באַלד איז מײַן אופמערקזאַמקײַט שטאַרק צוגעצויגן געוואָרן צו זיי. זיי האָבן צונויפגעשטעלט אַן אומצערײַסבאַרע קייט פון יאָרן, פון 1744 ביזן 1799 יאָר, ד. ה., פּונקט 55 יאָר. די בלויע בויגנס פּאַפּיר, וואָס בינדן זיך געוויינלעך אײַן אין די קאַלענדאַרן, זײַנען אַלע געווען פאַרשריבן מיט אַן אַלטן האַנטשריפט. וואַרפנדיק א בליק אף דיזע שורעס, האָב איך מיט פאַרוואונדערונג דערזען, אז זיי שליסן אײַן ניט נאָר באַמערקונגען וועגן וועטער און ווירטשאַפטלעכע כעזשבוינעס, נאָר אויך קורצע היסטאָרישע ידיִעס, וואָס זײַנען שײַעך צום דאָרף גאָריוכינאָ. איך האָב זיך טייקעף פאַרנומען מיטן פאַנאַנדערקלײַבן די דאָזיקע ווערטפולע נאָטיצן, און כ'האָב איינגיכן אײַנגעפונען, אז זיי שטעלן מיט זיך פאָר א פולע געשיכטע פון מײַן פאָטער־היים אין מעשעך פון קימאַט א גאַנצן יאָרהונדערט אין דער שטרענגסטער כראָנאָלאָגישער אָרדענונג. אויסער דעם, האָבן זיי אײַנגעשלאָסן אין זיך אַן אומענדלעכן זאַפּאַס פון עקאָנאָמישע, סטאַטיסטישע, מעטעאָראָלאָגישע און אַנדערע געלערנטע באַאָבאַכטונגען. פון דעמלט אָן האָט מיך אויסערגעוויינלעך פאַרכאַפּט דאָס דערלערנען דידאָזיקע נאָטיצן, ווײַל איך האָב דערזען א מעגלעכקײַט צו אַרויסבאַקומען פון זייער סיפּער־האַמײַסע עטוואָס אינטערעסאַנטעס אויסגעהאַלטנס און וואָס איז ווערט צו דערלערנט ווערן.—געענוג באַקאָנענדיק זיך מיט דיזע ווערטפולע דענקמעלער, האָב איך גענומען זוכן נײַע קוואַלן פאַר דער געשיכטע פונעם דאָרף גאָריוכינאָ. און באַלד האָט מיר זייער שעפע פאַשעט איבעראַשט.—ווידמענענדיק גאַנצע זעקס כאָדאָשים אף דער פאָרויסיקער דערלערנונג, בין איך לעסאָף צוגעטראָטן צו דער לאַנג־געגאַרטער אַרבעט, און מיט גאָטעס הילף האָב איך דיזעס פאַרענדיקט אין נאָיאַבער כוידעש, דעם דריטן טאָג, 1827 יאָר.

איצטער לייג איך אוועק די פען, ווי דאָס האָט געטאָן א געוויסער, ענלעכער צו מיר היסטאָריקער, וועמעס נאָמען איך געדענק ניט—ביים ער האָט פאַרענדיקט זײַן שווערן העלדנטאַט—און מיט אומעט גיי איך אין מײַן סאָד טראַכטן וועגן דעם, וואָס איך האָב אופגעטאָן. מיר דוכט זיך אויך, אז אָנשרײַבנדיק די געשיכטע פון גאָריוכינאָ, בין איך שוין ניט נייטיק דער וועלט, אז מײַן כּיוו איז אויסגעפילט און אז מיר איז צײַט אָפּצורוען!

---

[1] דאָ ווערט בײַגעלייגט די ליסטע פון די קוועלן, וואָס האָבן מיר געדינט אף צונויפשטעלן די „געשיכטע פון גאָריוכינאָ”:

1) א זאַמלונג אַלטע קאַלענדאַרן, 54 טיילן. די ערשטע 20 טיילן זײַנען פאַרשריבן מיט אַן אַלטן האַנטשריפט מיט טיטלען. דיזער פּינקעס איז פאַרפאַסט דורך מײַן עלטער־ זיידן—אַנדריי סטעפּאַנאָוויטש בעלקין. זיי צייכענען זיך אויס מיט זייער קלאָרקײַט און קורצקײַט פון זאַץ: צום בײַשפּיל: 4־טער מײַ. א שניי. טרישקע איז געשלאָגן געוואָרן פאַר גראָבקײַט. 6—געפאַלן די געפלעקטע בעהיימע. סענקע איז געשלאָגן געוואָרן פאַר שיקרעס. 8—א קלאָרער וועטער. 9—א שניי און א רעגן. טרישקע איז געשלאָגן געוואָרן לויטן וועטער און דאָס גלײַכן אָן קיינע שום כקירעס. 11—א קלאָרער וועטער. א מעטעליצע; געכאַפּט דרײַ האָזן.—די איבעריקע 35 טיילן זײַנען געשריבן מיט פאַרשיידענע האַנטשריפטן, דאָסראָוו מיט די אזויגערופענע—קרעמערישע, מיט

טיטלענ אונ אָנ טיטלענ, ביכלאַל—פרוכטבאַר, ניט געבונדנ אונ ניט פאַרהיטנדיק די גראַמאַטיק. ערגעצ ווו איז קאָנטיק א פרוויענ־האַנט. אינ דיזנ אָפטייל גייענ אַרײַנ די נאָטיצנ פונ מײַנ זיידנ איוואַנ אַנדרייעוויטש בעלקינ אונ פונ זײַנ פרוי, מײַנ באָבענ— יעווּפּראַקסיע אַלעקסייעוונע אונ אויכ די נאָטיצנ פונ פריקאַזשטשיק גאָרבאָוויצקי.

2) דער פּינקעס פונעם גאָריוכינער דיאַקל. דעמ דאָזיקנ אינטערעסאַנטנ מאַנוסקריפּט האָב איכ אויסגעזוכט בא מײַנ פּאָפּ, וואָס האָט כאַסענע געהאַט פאַר דער טאָכטער פונעמ פּינקעס־שרײַבער. די ערשטע בלעטער זײַנענ אויסגעפליקט געוואָרנ אונ זײַנענ פאַרנוצט געוואָרנ דורכ די קינדער פונ גאַלעכ אפ די אַזויגערופענע—שלאַנגענ. איינער פונ זיי איז אַראָפּגעפאַלנ בא מיר אינמיטנ הויפ. איכ האָב אים אופגעהויבנ אונ געוואָלט אים שויב אומקערנ די קינדער, האָב איכ אָבער באַמערקט, אז ער איז פאַרשריבנ. פונ די ערשטע שורעס האָב איכ דערזענ, אז דער שלאַנג איז צונויפגעשטעלט געוואָרנ פונ א פּינקעס— צומ גליק האָב איכ באַוויזנ צו ראַטעווענ דאָס איבעריקע. דיזנ פּינקעס, וועלכנ איכ האָב דעראָבערט פאַר א מאָס האָבער, צייכנט זיכ אויס מיט זײַנ טיפזיניקײַט אונ מיט זײַנ אויסערגעוויינלעכער פײַנשרײַבערײַ.

3) מונדלעכע מעסוירעס.—איכ האָב ניט דורכגעלאָזנ קיינע יעדיִעס. נאָר באַזונדערס בינ איכ דאַנקבאַר אַגראַפענע טריפאָנאָוונע, דער מוטער פונעמ סטאַראָסטע אַוודיי, וועלכע איז געווענ, ווי מע זאָגט, די געליבטע פונ פריקאַזשטשיק גאָרבאָוויצקי.

4) די רעוויזסקע סקאַזקעס, מיט באַמערקונגענ פונ די פריִערדיקע סטאַראָסטעס (כעזשבנ אונ הויצאָע־ביכער) בעגעגייע דער זיטלעכקײַט אונ דעמ צושטאַנד פונ די פּויערים.

---

דאָס לאַנד, וואָס ווערט גערופנ לויטנ נאָמענ פונ איר הויפּטשטאָט—גאָריוכינאָ, פאַרנעמט אפנ ערדקויל מער ווי 240 דעסיאַטינ. די צאָל אײַנוווינער דערגייט ביז 63 נעפּאַשעס. אפנ צאָפנ גרענעצט עס מיט די דערפער דעריוכאָוו אונ פּערקוכאָוו, ווו די אײַנוווינער זײַנענ אָרעמ, דאַר אונ קורצוווקסיק, אונ די שטאָלצע הערשער זײַנענ איבערגעגעבנ צו דער קריגערישער באַשעפטיקונג—האָזנ־געיעג; אפ דאָרעמ־זײַט טיילט עס די טײַכ סיווקע אָפּ פונ די גיטער פונ די קאַראַטשעווער פרײַע ערד־באַאַרבעטער,—אומרויִקע שכיינים, וואָס זײַנענ באַרימט מיט דער ווילדער אכזאָריעסדיקײַט פונ זייערע זיטנ; אפ מיִרעור־זײַט ריגלענ עס אַרומ די בליִענדיקע זאַכאַרינער פעלדער, וועלכע וועלטיקנ אונטער דער הערשאַפט פונ קלוגשאַפטלעכע אונ געבילדעטע פּריצימ,—אפ מיזורעכ־זײַט שליסט זיכ עס צו, צו ווילדע, ניט באַזעצטע ערטער, צו א ניט גערירטער בלאָטע, ווו עס טוענ וואַקסנ נאָר זשוראַווינעס, ווו עס לאָזט זיכ הערנ נאָר די איינטאָניקע קוואַקערײַ פונ פרעש אונ ווו די אָבערגלויבערישע מעסוירע געפינט אײַנ, אז דאָרט דאַרפ זײַנ א מאָקעמ־מיקלאָט פונ א געוויסנ טײַוול.

N. B. דיזע בלאָטע רופט זיכ טאַקע אָנ די טײַוולשע. מע דערציילט, אז קלוימערשט, א שוואַכזיניקע פּאַסטושקע האָט געהיט איר סטאַדע כאַזיירימ ניט ווײַט פונ דיזנ פאַרײַנזאַמטנ אָרט. זי איז געוואָרנ שוואַנגעריק אונ האָט בעשומויפנ ניט געקאָנט אפ א באַפרידיקנדיקנ אופנ דערקלערנ דעמדאָזיקנ פאַל. דער קלאַנג פונ פאָלק האָט אינ דעמ באַשולדיקט דעמ בלאָטע־טײַוול,— נאָר דאָס דאָזיקע מײַסעלע איז ניט ווערט די אופמערקזאַמקײַט פונעמ היסטאָריקער אונ נאָכ ניבורנ טאָר מענ זיכ גאָר ניט דערלויבנ גלויבנ אינ דעמ.

---

נאָכ פונ אַמאָליקע צײַטנ אָנ האָט גאָריוכינאָ געשעמט מיט איר פרוכטבאַרקײַט אונ מיט איר ווילמעסיקנ קלימאַט—ווייצ, האָבער, יאַטשנע קערנער אונ הרעטשקע וואַקסנ אפ

זײַנע פעטע פעלדער.—די בעריאָזע־ראָשטשע און דער יעלן־וואַלד באַזאָרגן די טוישווים מיט געהילץ און הייצוואַרג אַפ בויען און באַהייצן די הײַזער. ס'כאַפּט ניט קיין מאַנגל אין ניס, זשוראַווינעס, ברוסניצעס און שוואַרצע יאַגעדעס. די שווימען וואַקסן אַרויס אין אַן אויסערגעוויינלעכער צאָל; אײַנגעפּרעגלטע אין סמעטענע שטעלן זיי מיט זיך פאָר אַן אָנגענעמע, כאָטש ניט קיין געזונטע שפּײַז. די סאַזשלקע איז פאַרפולט מיט קאַרעסלעך און אין דער מײַך סיוקע פאַרמערן זיך העכטן און נאַלימעס. די טוישווים פון גאָריר־כינאָ זײַנען דאָסראָוו מיטלוווּקסיקע, דער געבוי פון קערפּער איז מענלעך און פעסט, די אויגן זײַנען בא זיי גרויע, די האָר—בלאָנדע אָדער געלע. די פרויען צייכענען זיך אויס מיט זייערע נעזער, וועלכע זײַנען עטוואָס פאַריסן אינדערהויך, מיט זייערע שטאַרצנדיקע קינבאַקן און מיט זייער פולקײַט.

N. B. א יאָדערדיקע באבע, דער דאָזיקער אויסדרוק באַגעגנט זיך אָפט אין דעם סטאַראָסטעס באַמערקונגען צו די רעוויזסקע סקאַזקעס.

די מענער זײַנען וווילזיטלעכע, האָרעפּאַשנע (באַזונדערס אַפ דער אייגענער פּאַשע), געוואַגטע, קריגערישע: אַסאַך פון זיי גייען אַליין אין געיעג אַפ בערן און זײַנען באַרימט אין אָקאָלאָדאָק ווי פויסט־שלעגער; ביכלאַל זײַנען אַלע גענייגט צום קערפּערלעכן פאַרגעניגן פון שיקרעס. די פרויען, אויסער זייער שטוב־אַרבעט, טיילן זיך מיט די מענער אין א גרויסער טייל פון זייער אַרבעט; און שטייען ניט אָפּ פון זיי אין געוואַגטקײַט. זעלטן ווער פון זיי עס האָט מוירע פאַרן סטאַראָסטע. זיי שטעלן מיט זיך פאָר א מעכטיקע געזעלשאַפטלעכע וואַך, וועלכע פאַרבערענגט וואַכזאַם אַפן פּריצישן הויף און רופן זיך אָן „קאָפּיישטשיצעס" (פונעם סלאָווענישן וואָרט „קאָפּיאָ"). דער הויפּט־פליכט פון די קאָפּיישטשיצעס—וואָס אָפטער קלאַפּן מיט א שטיין אין א טשוהון־טאָוול און דערמיט אָפּשרעקן א בייזן פאַרטראַכט. זיי זײַנען פּונקט אַזוי אומשולדיק ווי שיין; אַפ אַן אָנפאַל פון אַן אַזעסאָנעם ענטפערן זיי בייז און אויסדריקלעך.

די אײַנוווינער פון גאָריוכינאָ פירן שוין פון לאַנג א ברייטן האַנדל מיט ליק; געפלאָכטענע קערבלעך און לאַפּטיעס. דערצו העלפט מיט די טײַך סיוקע, דורך וועלכער זיי פאָרן דורך ווינטער־צײַט אַפ קליינע שיפלעך, פּונקט ווי די אַלטע סקאַנדינאַווער, אין דער איבעריקער צײַט פון יאָר גייען זיי איבער די טײַך מיט די פיס, פאַרקאַשערנדיק פאָרויסיק די פליודערן ביז די קני.

די שפּראַך פון די גאָריוכינער איז אָן קיין צווייפל א צווײַג פון דער סלאַווישער, נאָר שיידט זיך פון איר אַזוי אונטער, פּונקט ווי די רוסישע. זי איז פאַרפילט מיט פאַרקירצונגען און אָפּגעהאַקטע ווערטער—אייניקע בוכשטאַבן זײַנען אין איר אָדער אינגאַנצן פאַרניכטעט, אָדער פאַרביטן מיט אַנדערע.—א רוס קאָן אָבער לײַכט פאַרשטיין א גאָריוכינעץ און, פאַרקערט.

די מענער פלעגן געוויינלעך כאַסענע האָבן צו דרײַצן יאָר פאַר 20־יאָריקע מיידלעך. די פרויען פלעגן שלאָגן זייערע מענער אין משך פון 4 אָדער 5 יאָר. נאָך דעם האָבן שוין די מענער גענומען שלאָגן זייערע פרויען, אַזוי אַרום, האָבן ביידע געשלעכטן געהאַט זייער צײַט פון מאַכט, און דער גלײַכגעוויכט איז געווען פאַרהיט.

די צערעמאָניע פון לעווײַעס איז פאָרגעקומען אַפ אַזא אופן: אינעם זעלבן טאָג פון טויט פלעגט מען דעם באַרמענען אַוועקטראָגן אַפן צווינטער—דער טויטער זאָל ניט פאַרנעמען אין שטוב קײַן איבעריקן אָרט. צוליב דעם פלעגט זיך טרעפן, אַז דער מעס פלעגט, בא דער אומבאַשרײַבלעכער פרייד פון די קרובים, א ניס טאָן אָדער א גענעץ

טאָג אינ דער זעלבער מינוט, ווענ מע האָט אַרויסגעטראָגנ די טרונע הינטערנ דאָרפ. די פרויענ פלעגנ באַווײנענ די מענער וואָיענדיק אונ קלאָגנדיק —„מײַנ שײַנ — ליכטיקער קאָפּ! אַפ וועמענ לאָזסטו מיך איבער? מיט וואָס זשע זאָל איך דיר דערמאָנענ?“ אומקערנדיק זיך פונ צווינטער פלעגט זײַנ א מאָלצײַט לעקאָוועד דעמ בארמענענ אונ די קרויווים אונ פרײַנט פלעגנ 2—3 טעג זײַנ שיקער אָדער אפילע א גאנצע וואָכ, אָפּהענגיק פונ דער איבערגעגעבנקײַט אונ צוגעבונדנקײַט צו זײַנ אָנדענק. דיזע אוראַלטע מינהאָגימ זײַנענ פארהיט געוואָרנ אויכ ביז הײַנטיקנ טאָג.

די קליידונג פונ די גאָריוכינער זײַנענ באשטאנענ פונ א העמדל, אָנגעטאָנ איבער די פליודערנ, וואָס איז אנ אונטערשיידונג־סימענ פונ זייער סלאַווישער אָפּשטאמונג. ווינטער פלעגנ זיי טראָגנ א שעפסנ־פעלצ, נאָר מער צוליב שיינקײַט ווי פונ עמעסער נויט, — ווײַל דעמ פעלצ פלעגנ זיי געוויינלעכ ארופווארפנ נאָר אַפ דער פלייצע, אונ ארויפווארפנ בא דער מינדסטער ארבעט — וואָס פאָדערט באוועגונג.

די וויסנשאפטנ, קונסט אונ פאָעזיע אינ גאָריוכינאָ האָבנ זיכ פונ גאָר אמאָל אָנ געפונענ אינ א גאנצ בליִענדיקנ צושטאנד. — אויסערנ גאלעכ אונ די קלויסטערבאקלאָגער האָבנ זיכ שטענדיק דאָרטנ געפונענ קענער. די פינקאָסימ דערמאָנענ וועגנ זעמסקנ טערענטי, וועלכער האָט געלעבט ארומ 1767־טנ יאָר, וואָס האָט געקאָנט שרײַבנ ניט נאָר מיט דער רעכטער, נאָר אויכ מיט דער לינקער האנט. — דער דאָזיקער אויסערגעוויינלעכער מענטש איז בארימט געוואָרנ אינ אָקאָלאָדאָק מיט זײַנ פארפאסנ פארשיידענע מינימ בריוו, פראָשעניעס, פארטיקוליארע פאשפאָרטנ א. ד. ג. ניט איינ מאָל לײַדנדיק פאר זײַנ קונסט, באהילפיקײַט אונ אָנטייל אינ פארשיידענע אויסערגעוויינלעכע געשעענישנ, איז ער געשטאָרבנ אינ טיפנ עלטער, בײַס ער האָט זיכ שוינ אויסגעלערנט שרײַבנ מיט דער רעכטער פוס, וואָרעמ דעמ האנטשריפט פונ זײַנעביידע הענט האָט מענ שוינ צו גוט געקאָנט. ער שפילט, ווי דער לעזער וועט דערזענ, א וויכטיקע ראָליע אינ דער געשיכטע פונ גאָריוכינאָ.

מוזיק איז שטענדיק געווענ א באליבטע קונסט בא די געבילדעטע גאָריוכינער; די באלאלײַקע אונ וואָלינקע, כ'עסנדיק די פילבארע הערצער, לאָזנ זיכ נאָכ אויכ בא הײַנטיקנ טאָג הערנ אינ די ווינונגענ, באזונדערס אינ דער אלטער געזעלשאפטלעכער געבײַדע, וואָס איז באפוצט מיט א יאָלקע אונ מיט א צווייקעפיקנ אָדלער.

די פאָעזיע האָט אמאָל געבליט אינ אלטנ גאָריוכינאָ. אדהאיעמ האָבנ זיכ פארהיט די לידער פונ ארכיפ־ליסי אינ זיקאָרנ פונ די דוירעס.

לויט זייער צארטקײַט שטייענ זיי ניט אָפּ פונ די עקלאָגנ פונעמ בארימטנ ווירגיליי, לויט דער שיינקײַט פונ זייער פאנטאזיע שטײַגנ זיי ווײַט אריבער די אידיליעס פונעמ הער סומאראָקאָוו. אונ כאָטש לויט דער געצאצקעטקײַט פונ זאצ שטייענ זיי אָפּ פונ די נײַסטע ווערק פונ אונדזערע מוזעס, נאָר זיי קאָנענ זיכ פארגלײַכנ מיט זיי לויט זייער אײַנפאל אונ שארפזינ. מירנ ברענגענ אלס בײַשפיל דיזע סאטירישע ליד:

Ко боярскому двору
Антоп староста идёт,
Бирки в пазухе несёт.
Боярину подаёт,
А боярын смотрит,
Ничего не смыслит.
Ах ты, староста Антон
Обокрал бояр кругом,
Село по миру пустил,
Старостиху надарил.

די אָרדענונג פונ אָנפירונג אינ גאָריוכינאָ האָט זיכ עטלעכע מאָל געביטנ. זי האָט זיכ פארשיידנצײַטיק, געפונענ אונטער דער הערשאפט פונ די סטארשינעס, אויסגעקלי־

בענע דורכ דער געזעלשאפט, פריקאזשטשיקעס, וואָס זײַנענ באשטימט געוואָרנ דורכ די פריצים, אונ לעסאָפ, אומיטלבאר, אונטער די הענט פונ די פריצים גופע. דאָס גוטס אונ בייז פונ די דאָזיקע פארשיידענע אָרדענונגענ פונ אָנפירונג וועט דורכ מיר אנטוויקלט ווערנ אינ מעשעכ פונ מײַנ דערציילנ.

באקאָנענדיק, אזוי ארום, מײַנ לעזער מיטנ עטנאָגראפישנ אונ סטאטיסטישנ צושטאנד פונ גאָריוכינאָ, אונ מיט די זיטנ אונ מינהאָגים פונ זײַנע טושווים, וועלנ מיר איצט צוטרעטנ צו דער סאמער געשיכטע.

---

## לעגענדארע צײַטנ—דער סטאראָסטע טריפאָנ

די אויסבילדונג פונ גאָריוכינאָ אונ די ערשטיקע באפעלקערונג זײַנע איז פארהילט מיט א נעפל פונ אומבאוווסטקײַט. די פינצטערע מעסירעס גיבנ איבער, אז אמאָל איז גאָריוכינאָ געווענ א ברייטער אונ רײַכער דאָרפ, אז אלע זײַנע אײַנוווינער זײַנענ געווענ פארמעגלעכע, אז צינז האָט מענ געקליבנ איינמאָל א יאָר, אונ מע פלעגט עס אָפשיקנ אומבאוווסט וווהינ, אפ עטלעכע פורנ. אינ יענער צײַט, האָט מענ אלצ געקויפט ביליק, אונ טײַער פארקויפט. קיינ פריקאזשטשיקעס האָבנ ניט עקזיסטירט, די סטאראָסטעס האָבנ קיינעמ ניט באליידיקט; די אײַנוווינער האָבנ געארבעט ווייניק, אונ געלעבט פויגלדיק, אונ די פאסטעכער, אָנגעטאָנענע אינ שטיול, האָבנ געהיט די סטאדע.—מיר דארפנ זיכ ניט פארכאפנ מיט דיזנ הערלעכנ בילד. דער געדאנק וועגנ א גאָלדענעמ יאָרהונדערט איז אייגנטימלעכ פאר אלע פעלקער, אונ ער דערווײַזט נאָר, אז מענטשנ זײַנענ קיינמאָל ניט צופרידנ מיטנ קעגנווארט, אונ, לויט דער דערפארונג, לייגנדיק ווייניק האָפענונגענ אפנ צוקונפט, באפוצנ זיי די פארגאנגענע צײַט, וואָס קאָנ זיכ שוינ ניט אומקערנ, מיט די קוויטנ פינ זייער פאנטאזיע.

אָט וואָס עס איז פעסטגעשטעלט:

דאָס דאָרפ גאָריוכינאָ האָט פונ קאדמוינים געהערט דעמ בארימטנ שטאמ פונ די בעלקינעס. נאָר מײַנע עלטערזיידעס, הערשנדיק איבער אסאכ אנדערע גיטער, האָבנ ניט געלייגט קיינ אכט אפ דיזנ פארוואָרפענעמ לאנד. גאָריוכינאָ האָט געצאָלט א קליינעמ צינז אונ איז אָנגעפירט געוואָרנ דורכ די סטארשינעס, וואָס זײַנענ אויסגעקליבנ געוואָרנ דורכנ פאָלק אפ דער וועטשע, דער אזוי גערופענער דאָרפישער פארזאמלונג.

נאָר אינ מעשעכ פונ דער צײַט זײַנענ די פאמיליע־גיטער פונ די בעלקינס צעשפליטערט געוואָרנ, אונ זײַנענ צעפאלנ. די פאראָרעמטע אייניקלעכ פונעמ בארימטנ זיידנ האָבנ זיכ ניט געקאָנט אָפגעוויינענ פונ זייערע לוקסוסדיקע געוווינהײַטנ—אונ האָבנ געפאָדערט דעמ פריערדיקנ פולנ אײַנקונפט פונ די גיטער, וועלכער איז צענפאכ פארקלענערט געוואָרנ. בייזע באפעלנ זײַנענ אָנגעקומענ איינער נאָכנ צווייטנ. דער סטאראָסטע האָט זיי געלייענט אפ דער וועטשע; די סטארשינעס האָבנ געדארשנט, די געזעלשאפט האָט זיכ געקאָכט, — אונ די הערנ האָבנ באקומענ אָנשטאָט א דאָפלטנ צינז, — כיטרע טרוצים אונ האכנאָעדיקע אָנקלאגעס, וואָס זײַנענ געשריבנ געוואָרנ אפ פארשמאָלצענעמ פאפיר, פארכאסמעט מיט א גראָשנ.

א פינצטערער וואָלקנ איז געהאנגענ איבער גאָריוכינאָ, אונ קיינער האָט וועגנ אימ גאָרניט געטראכט. אינ לעצטנ יאָר פונ טריפאָנס הערשונג — דער לעצטער סטאראָסטע,

וואָס איז אויסגעקליבנ געוואָרנ דורכנ פאָלק, אינעמ זעלבנ טאָג ווענ ס'איז געווענ דער טעמפל־יאָנטעוו, ווענ דאָס גאנצע פאָלק האָט טומלדיק ארומגערינגלט די פארווײַלונג־געבײַדע (וואָס דער פּאָשעטער האמוינ רופט עס אָנ—קאבאק) אָדער געשליאָנדערט זיכ איבער די גאסנ, ארומגענומענע אונ הויכ זינגענדיק די לידער פונ ארכיפ־ליסי,—איז אינ דאָרפ ארײַנגעפאָרנ א געפלאָכטענע פארמאכטע ברישקע מיט אנ אײַנגעשפאנטער פאָר קליאטשעס, קוימ לעבעדיקע; אפ די קאָזלעס איז געזעסנ אנ אָפגעשליסענער ייִד—אונ פונ ברישקע האָט זיכ ארויסגערוקט א קאָפ אינ א הויכנ היטל, אונ ס'האָט זיכ געדוכט, אז זי קוקט נײַגעריק אפנ פאָלק, וואָס מאכט זיכ פריילעכ. די אײַנוווינער האָבנ באגעגנט די ברישקע מיט א געלעכטער אונ מיט גראָבע אָפלאכערײַ. (N.B. אײַנדרייענדיק אינ טרײַבלעכ די פאָלעס פונ די בגאָדימ האָבנ די כאָסערדייעס זדעקעוועט זיכ איבערנ ייִדישנ פורמאנ אונ זיי האָבנ אָפלאכנדיק אויסגעשריִענ: „זשיד, זשיד, עס אופ א כאזערשנ אויער״.—דער פינקעס פונ גאָריוכינער דיאקל). נאָר ווי זיי זײַנענ פארוווּנדערט געוואָרנ, ווענ די ברישקע האָט זיכ אָפגעשטעלט אינ מיטנ דאָרפ אונ ווענ דער אָנגעפאָרענער, האָט ארויסשפרינגענדיק פונ איר, ארויסגעפאָדערט דעמ סטאראָסטע טריפאָנ. דער דאָזיקער הויכגעשטעלטער טוער האָט זיכ געפונענ אינ דער פריילעכער געבײַדע, פונ וואנענ צוויי סטארשינעס האָבנ אימ בעקאָוועדיק ארויסגעפירט אונטער די הענט.—דער אומבאקאנטער האָט אפ אימ גרויזאמ א קוקטאָענדיק, דערלאנגט אימ א בריוו אונ געהייסנ דיזעס איבערלייענענ טײַקעפ אומײַאד. די גאָריוכינער סטאראָסטעס האָבנ געהאט די געוווינהײַט קיינמאָל אלײנ ניט לייענענ. דער סטאראָסטע איז געווענ אנ אמהאָרעצ. מע האָט געשיקט נאָכנ זעמסקנ אוודיי. מע האָט אימ געפונענ דערגעבנ, שלאָפנדיק אינ א געסל הינטערנ פלויט,—אונ מע האָט אימ געבראכט צומ אומבאקאנטנ נאָכנ אויסשלאָפנ זיכ. צי פונ אומגעריכטער שרעק, צי פונ פײַנלעכנ פאָרגעפיל, האָבנ זיכ אימ די בוכשטאבנ פונ בריוו, וואָס איז געווענ גאנצ דײַטלעכ אָנגעשריבנ, אויסגעוויזנ פארנעפלט אונ ער איז ניט געווענ אימשטאנד צו פאנאנדערקלײַבנ זיי.—דער אומבאקאנטער, אָפשיקנדיק מיט שרעקלעכע קלאָלעס דעמ סטאראָסטע טריפאָנ אונ דעמ זעמסקנ אוודיי שלאָפנ, האָט אָפגעלייגט דאָס פאָרלעזנ פונ בריוו ביזנ מאָרגעדיקנ טאָג אונ איז אוועק אינ אמט־שטיבל, וווּהינ דער ייִד האָט נאָכגעטראָגנ אימ אויכ זײַנ קליינעמ טשעמאָדאנ.

די גאָריוכינער האָבנ מימ א שטילער פארוווּנדערונג געקוקט אפ דיזער אומגעוויינלעכער געשעעניש; נאָר באלד זײַנענ די ברישקע, דער ייִד אונ דער אומבאקאנטער פארגעסנ געוואָרנ. דער טאָג האָט זיכ געענדיקט טומלדיק אונ פריילעכ—אונ גאָריוכינאָ איז אײַנגעשלאָפנ, ניט פאָרויסזעענדיק, וואָס עס דערוואַרט אימ.

מיטנ אופגאנג פונ דער פריִיִקער זונ זײַנענ די אײַנוווינער אופגעוועקט געוואָרנ דורכ א קלאפ אינ די פענצטער, ווערנדיק גערופנ אפ א דאָרפ־סכאָדקע. די בירגער האָבנ זיכ איינער נאָכנ צווייטנ געמאָלדנ אינ אמט־שטיבל, וואָס האָט געדינט פאר א וועטשעפלאצ. זייערע אויגנ זײַנענ געווענ מוטנע אונ רויט, די פענעמער פארשוואָלנ; גענעצנדיק אונ קראצנדיק זיכ האָבנ זיי געקוקט אפנ מענטשנ אינעמ היטל, אינעמ אלטנ בלויענ קאפטנ, וואָס איז מיט א וואזשנער מינע געשטאנענ אפנ גאנעק פונ אמט־שטיבל אונ האָבנ זיכ געמיט דערמאָנענ זיכ זײַנע שטריכנ, וועלכע זיי האָבנ עפעס אמאָל געזענ.—דער סטאראָסטע אונ דער זעמסקער אוודיי זײַנענ געשטאנענ נעבנ אימ אָנ היטלענ, מיט א זיסהאכנאָענדיק אויסזענ אונ אינ טיפנ טרויער.—„זײַנענ אלע דאָ?״—האָט געפרעגט דער אומ־

באקאנטער.—„זײַנען אלינקע דאָ?"—האָט איבערגעכאַזערט דער סטאראָסטע.—אלינקע דאָ,—האָבנ געענטפערט די בירגער. דאנ האָט דער סטאראָסטע געמאָלדנ, אז פונ פּאָרעצ איז אָנגעקומענ א גראמאָטע, אונ האָט געהייסנ דעם זעמסקנ איבערלייענענ זי, אז די גאנצע געזעלשאפט זאָל הערנ. אודיי איז ארויסגעטראָטנ אונ האָט מיט א הויכער שטים דורכ־געלייענט פּאָלגנדיקעס: (N.B. דיזע בייזהאָנזאָגנדיקע גראמאָטע האָב איכ איבערגעשריבנ באם סטאראָסטע טריפאָנ, בא אים אינעם איקאָנעס־אלמער האָט זי זיכ פארהיט צוזאַמענ מיט אנדערע דענקמעלער פונ זײַנ הערשאפט איבער גאָריוכינאָ,—איכ האָב אליינ ניט געקאָנט אופזוכנ דיזנ אינטערעסאנטנ בריוו).

טריפאָנ איוואנאָוו!

דער פּארטרויער פונ דיזנ בריוו, מײַנ פּריקאזשטשיק **, פאָרט אינ מײַנ גוט—דאָרפ גאָריוכינאָ אפ צוטרעטנ אָנצופירנ מיט אים. טייקעפ, ווי ער וועט קומענ צונויפקלײַבנ די פויערים אונ דערקלערנ זיי דעם פּריצישנ ווילנ, אונ נעמלעכ: די באפעלנ פונ מײַנ פאר־טרויטנ ** איבער די פויערים אויסהערנ ווי מײַנע אייגענע. אונ אלצ, וואָס ער וועט נאָר פאָדערנ אויספילנ אָנ קיינע שום דיבורים, אינ קעגנפאל קאָנ ** באגיינ זיכ מיט זיי מיט דער מעגלעכסטער שטרענגקײַט. צו דעם האָט מיכ געצוווּנגענ זייער אָנגעווייסנדיקע ניט־האָרכזאמקײַט, אונ דײַנ, טריפאָנ איוואנאָוויטש, פלוטעוואטער דורכלאָזונ אלצ אהינטער די פינגער.

אונטערגעשריבנ NN.

דאנ האָט ** צעשפּרייטנדיק די פיס ענלעכ אפ דעם בוכשטאב „כער" אונ צונויפ־דרייענדיק זיכ פונקט ווי א פערד, אָפּגעהאלטנ די פאָלגנדיקע קורצע אונ אויסדריקלעכע רעדע: „זעט נאָר בא מיר, כאָכמעט זיכ ניט בא מיר,—איר זײַט, ווייס איכ, א צעבאַ־לעוועט פאָלק, איכ וועל ארויסשלאָגנ די מעשוגאעס פונ אײַערע קעפ, כ'מיינ, נאָר גיכער ווי די נעכטיקע שיקרעס". קיינ שיקרעס איז שוינ אינ קיינ קאָפּ ניט געווענ. די גאָריו־כינער, ווי געטראָפנ פונ דונער, האָבנ אראָפּגעלאָזנ די נעזער—אונ מיט שרעק צעגאנגענ זיכ איבער די הײַזער.

## די אָנפירונג פונ פּריקאזשטשיק **

** האָט איבערגענומענ די לייצעס פונ אָנפירונג אונ איז צוגעטראָטנ צום אויס־פילנ זײַנ פּאָליטישע סיסטעם, זי איז ווערט באזונדערס צו באטראכט ווערנ.

דער הויפּט־גרונט פונ איר איז געווענ די פאָלגנדיקע אקסיאָמע, אז וואָס א פויער איז רײַכער איז ער אלצ מער צעבאלעוועט, וואָס אָרעמער—איז ער אלצ האכנאָעדיקער. צוליב דעם האָט ** אלצ געמיט זיכ אכטונג געבנ אפ דער האכנאָעדיקײַט פונעם גוט, ווי דער גרעסטער פויערישער טוגונד. ער האָט ארויסגעפאָדערט א ליסטע פונ די פויערים, צעטיילט זיי אפ רײַכע אונ אָרעמע. 1) די צינזנ זײַנען ארופגעלייגט געוואָרנ אפ די פארמעגלעכסטע פויערים אונ זײַנען אופגעמאָנט געוואָרנ מיט דער מעגלעכסטער שטרענגקײַט, 2) די ווייניק־פארמעגלעכע אונ די ליידיקגייערישע הוליאקעס זײַנען באלד אוועקגעזעצט געוואָרנ אפ דער פאשע—אויב לויט זײַנ כעזשבנ איז ארויסגעקומענ, אז זייער ארבעט איז ניט גענונגנדיק, פלעגט ער זיי אָפּגעבנ צו אנדערע פויערים פאר באטראקעס, פארוואָס יענע האָבנ אים געצאָלט א פרײַוויליקנ שטײַער, אונ די, וואָס

זײַנענ אָפּגעגעבנ פאַר כאַלאָפּעס, האָבנ געהאַט די פולע רעכט אויסקויפנ זיך, אָפּצאָלנ־דיק אויסער די צינזנ א דאָפּלטנ יאָר־צינז. אַלע געזעלשאַפטלעכע פליכטנ זײַנענ געפאַלנ אַפּ די פאַרמעגלעכע פויערימ.—די רעקרוטשינע איז געווענ אַנ אויצער פאַרנ אייגנ־נוציקנ אָנפירער, וואָרעמ פונ דעמ פלעגנ אַלע רײַכע פויערימ, לויט דער ריי, אויסקויפנ זיך, ביז דער אויסוואַל פלעגט ניט פאַלנ אַפּ א טויגעניכטס אָדער אַפּ א פאַראָרעמטנ.—[1]

די דאָרפישע סכאָדקעס זײַנענ אָפּגעשאַפט געוואָרנ—צינז פלעגט ער קלײַבנ ביסלעכ־ווײַז, אונ א קײַלעכדיקנ יאָר קעסיידער. אויסער דעמ, האָט ער אײַנגעפירט אומפאָרויס־געזעענע זאַמלונגענ. די פויערימ האָבנ, דאַכט זיך, געצאָלט ניט פיל מער ווי פריִער, נאָר האָבנ בעשומויפנ ניט געקאָנט דעראַרבעטנ זיך אונ אָנקלײַבנ גענוג געלט. פאַר דרײַ יאָר איז גאָריוכינאָ לאַכלוטנ פאַראָרעמט געוואָרנ.

גאָריוכינאָ איז פאַרוויסט געוואָרנ, דער מאַרק איז ליידיק געוואָרנ, די לידער פונ אַרכיפ־ליסי זײַנענ אַנטשוויגנ געוואָרנ, די קינדערלעכ זײַנענ אַחעק איבער די הײַזער, א העלפט פויערימ זײַנענ געווענ אַפּ דער פּאַשע, די אַנדערע העלפט האָט געדינט פאַר באַטראַקעס; אונ דער טאָג פונ טעמפּל־יאָנטעוו איז געוואָרנ, לויטנ אויסדריק פונ פּינ־קעס־שרײַבער, ניט קיינ טאָג פונ פרייד אונ יובל, נאָר א יאָרצײַט פונ טרויער אונ פונ דערמאָנענ די צאָרעס.

.1830—1831

יידיש—ע. קאַהאַנ.

---

[1]) .האָט פאַרשמידט אינ אײַזנ דער פאַרפלוכטער פריקאַזשטשיק אַנטאָנ טימאָפייעוו. האָט דער אַלטער טימאָפיי אויסגעקויפט דעמ זונ פאַר 100 ר., האָט דער פריקאַזשטשיק פאַרשמידט פעטרושקענ יערעמייעוו, איר יענעמ האָט אויסגעקויפט דער פאָטער פאַר 68 ר. אונ האָט געוואָלט דער פאַרפלוכטער שמידנ ליאָכע טאַראַסאָוו, נאָר יענער איז אַנטלאָפנ אינ וואַלד—האָט דער פריקאַזשטשיק זייער געדײַגעט איבער דעמ אונ האָט געפּלאַקערט מיט ווערטער,—אונ מע האָט אָפּגעפירט אינ שטאָט אונ אָפּגעגעבנ אינ רעקרוטנ וואַנקע—שיקער".

א. ס. פושקין

# דער קאַרגער ריטער

## ערשטע סצענע

(אין שלאָס)

### אלבער און איוואַן

**אלבער:**

אין וואָס דאָס זאָל ניט גיין, צו דעם טורניר כ׳וועל קומען. ווײַז דעם העלם מיר, איוואַן.

(איוואַן דערלאַנגט אים דעם העלם).

אָפּ דורכ און דורכ געלעכערט. ס׳איז אומעגלעך
אים אָנצוטאָן. איך מוז א נײַעם קריגן.
וואָס פאר א קלאַפּ! פארפלוכטער גראף דעלאָרזש!

**איוואַן:**

דערפאַר האָט איר מיט אים זיך פײַן צערעכנט;
פון זאָטל ווען איר האָט ארויסגעשמיצט אים,
האַלב טויט איז ער געלעגן א מעסלעס,
ווער ווייס, צי ער איז גאָר געקומען צו־זיך?

**אלבער:**

ער האָט אָבער דערבײַ קיין אָנווער ניט;
זײַן ווענעציאַנער פאנצער איז דאָך גאַנץ,
די ברוסט די אייגענע זי קאָסט אים גאָרניט;
קיין צווייטע קויפן וועט ער זיך דאָך נים.
פארוואָס האָב איך ניט אויסגעטאָן פון אים
דעם העלם באלד! כ׳וואָלט דאָס געטאָן, ווען פאר
די דאַמען און דעם הערצאָג כ׳שעם זיך ניט.

פארפלוכטער גראף! שוין בעסער וואָלט ער מיר
דעם קאָפּ געלעכערט. כ׳דארף אַן אָנצוג אויך.
געזעסן זײַנען לעצטנס אַלע ריטערס
אין אַטלאַס און אין סאַמעט; אין אַ פּאַנצער
כ׳בין אײנער נאָר געווען באַם הערצאָגס טיש.
פאַרענטפערט האָב איך זיך, אַז באַם טורניר
כ׳בין צופעליק. וואָס וועל איך זאָגן הײַנט?
אָ, אָרעמקײַט, ווי זי דערנידעריקט
אין אונדז דאָס הארץ! ווען מיט זײַן שווערער שפּיז
דעלאָרזש האָט מיר דעם העלם דורכגעקלאַפּט
און דורכגעטראָגן זיך פאַרבײַ, ווען איך
מיט אַן אַנטבלויזטן קאָפּ האָב מײַן עמיר
צעיאָגט, זיך שטורעמדיק געלאָזט, און כ׳האָב
דעם גראַף פאַרשלײַדערט, ווי אַ יונגן פּאַזש
אַף צוואַנציק שפּאַן; און ס׳האָבן אַלע דאַמען
פון אָרט זיך אופגעהויבן, ווען אַליין
קלאָטילדע אומגערן האָט אויסגעשריִען,
פאַרשטעלנדיק דאָס פּנים זיך, העראָלדן
גערימט האָבן מײַן קלאַפּ: האָט קײנער דאַן
גאָר ניט געזוכט די אורזאַך פון מײַן דרײסט
און וווּנדער־קראַפט! צערײצט האָט מיך דער העלם
צעשעדיקטער. צו העלדישקײַט, האָט וואָס
געבראַכט מיך? קאַרגשאַפט. יאָ, ס׳איז גאָרניט שווער
זיך אָנשטעקן מיט איר, אויב מיט מײַן פאָטער
פאַרבלײַבן דאָ אונטער אײן דאַך. וואָס מאַכט
מײַן אָרעמער עמיר?

איוואַן:

ער הינקט נאָך אַלץ.
אַרויספירן אַף אים איר קאָנט נאָך ניט.

אַלבער:

גײ מאַך: דעם הניאַדן קויפן וועל איך מוזן,
מע בעט פאַר אים ניט טײַער אויך.

איוואַן:

ניט טײַער?
קײן געלט אָבער איר האָט דאָך ניט.

אַלבער:

וואָס זאָגט
דער טויגעניכטס סאָלאָמאָן?

איוואַן:

ער זאָגט, ער קאָן
איַיך מער קיין געלט ניט לײַען אָן א מאשקנ.

אלבער:

א מאשקנ! ווּ זאָל איך אים נעמען אָט
דעם מאשקנ? טײַוול!

איוואַן:

כ'האָב געזאָגט.

אלבער:

און ער, וואָס?

איוואַן:

ער קרעכצט אלץ און ער קווענקלט.

אלבער:

וואָלסט געזאָגט אים,
מײַן פאָטער איז אליינ רײַך, ווי א ייִד
און פריִער־שפּעטער יארשענען כ'וועל אלץ.

איוואַן:

געזאָגט.

אלבער:

נו, וואָס?

איוואַן:

ער קווענקלט אלץ און קרעכצט.

אלבער:

א גרויל.

איוואַן:

ער האָט אליינ געוואָלט אהערצו קומען.

אלבער:

נו, דאנקען גאָט. אָן אויסקויפ־געלט וועל איך
אים ניט ארויסלאָזן.

(מע קלאפט אינ טיר)

ווער איז דאָרט?

ייִד:

אײַער
טרײַער דינער.

אלבער:

אָ, פרײַנט מײַנער!
פארפלוכטער ייִד, געערטער סאָלאָמאָן,
אהערצו קום. איך הער דו גיסט מער ניט
אפ באָרג.

ייִד:

אַך, ריטער, גנעדיקער, איך שווער אײַך,
כ'וואָלט זייער גערן, נאָר איך קאָן דאָך ניט.
ווּ נעמט מען געלט? די ריטערס שטיצנדיק
געטרײַ, איך גיי שוין באַלד אליין צו־גרונט.
ווײַל קיינער צאָלט ניט. בעטן כ'האָב געוואָלט
בא אײַך, צי קאָנט איר כאָטש א טייל דערווײַל
באצאָלן.

אַלבער:

רויבער! געלט, ווען איך פארמאָג
כ'וואָלט דען געייסעקט זיך מיט דיר? גענוג!
ניט אקשן זיך, מײַן ליבער סאָלאָמאָן;
דוקאטן גיב, א הונדערט שיט ארויס,
ביזוואנען דו ביסט ניט באזוכט נאָך.

ייִד:

הונדערט,

דוקאטן הונדערט ווען איך האָב!

אַלבער:

הער אויס:

און ניט ארויסהעלפן די פרײַנט דײַנע
דו שעמסט זיך ניט?

ייִד:

איך שווער...

אַלבער:

גענוג, גענוג.

א מאשקן פאָדערסטו? וואָס פאר אַן אומזין!
וואָס זאָל איך געבן דיר. א כאזער-פעל?
ווען כ'האָב וואָס צו פארמאשקענען, כ'וואָלט לאנג
פארקויפט עס. און דאָס ריטערלעכע וואָרט
דיר, הונט, איז ווייניק?

ייִד:

אײַער וואָרט באם לעבן
האָט זייער, זייער גרויס באדײַטונג. ס'קאָן
די קאסטנס פון די רײַכסטע לײַט אין פלעמלאנד
צעעפענען פאר אײַך, ווי דורך א שפרוך,
נאָר אויב איר ווערט עס איבערגעבן מיר,
א ייִדן א געמיינעם, און דערווײַל
(באהיט אונדז גאָט). איר מאכט א שטארב, ווערט עס
אין מײַנע הענט געגליכן זײַן צום שליסל
פון קעסטעלע, וואָס אפן יאם־דעק ליגט.

אלבער:

צי דען וועט מיך מײַן פֿאָטער איבערלעבן?

ייִד:

ווער ווייס? די טעג געציילט זײַנען דאָך ניט
דורך אונדז: ערשט נעכטן האָט געבליט דער יונג,
וואָס הײַנט ליגט טויט, און זקײנים פיר אים טראָגן
אף אקסלען אײַנגעהויקערטע צום קייווער.
ס'איז דער באראָן געזונט, גיב גאָט, נאָך צען,
נאָך צוואנציק, פינף־און־צוואנציק, דרײַסיק יאָר
ער וועט נאָך לעבן.

אלבער:

ייִד, דו לײַגסט: ווײַל שפּעטער
מיט דרײַסיק יאָר כ'וועל אלט זײַן פולע פופציק,
וואָס נוצן דאן די געלטער?

ייִד:

געלטער?—געלט
זיי נוצן שטענדיק אונדז, בא יעדן עלטער,—
דער יונג, ער זוכט באדינער פלײַסיקע
אין זיי, ער שוינט זיי ניט, ער טרײַבט זיי אום
אהער, אהין. דער אלטער אָבער זעט
אין זיי געטרײַע פרײַנט און היט זיי, ווי
פון אויג דאָס אפל.

אלבער

אָ, מײַן פֿאָטער זעט
אין זיי קיין דינער ניט, און ניט קיין פרײַנט,
בלויז הערשער, און אליין ער דינט בא זיי,
אלץ הייסט גערינט? ווי אן אלזשירער קנעכט,
א הויפ־הונט אף דער קייט, אין קאלטן אלקער
ער וווינט, עסט סוכערעס מיט וואסער, נעכט
ער שלאָפט ניט, לויפט ארום און בילט. דאָס גאָלד
ליגט רויִק זיך אין קאסטן, שווײַגן! דאָס אלץ
אמאָל וועט דינען מיר. ניט ליגן לאנג.

ייִד:

יאָ, צום באראָנס לעווײַע וועט זיך געלט
א שאָט טאָן מער ווי טרערן, העלפ אײַך גאָט
וואָס גיכער די ירושה קריגן.

אלבער:

Amen! *)

*) אָמיין.

ייִד:

מע וואָלט אפילו...

אלבער:

וואָס!

ייִד:

אזוי... איך מיין

א מיטל איז פאראן...

אלבער:

וואָס פאר א מיטל?

ייִד:

אזוי... פאראן בא מיר דאָ א באקאנטער
אַן אלטיטשקער, א ייִד, אַן אָרעמער
אפטייק־האלטער.

אלבער:

א וווּכערניק, ווי דו,
צי אָרנטלעכער?

ייִד:

ניין, מײַן ריטער, טאָ זי
באשעפטיקט זיך מיט עפעס אנדערש—ער
ריכט טראָפּנס צו... און וווּנדער, ווי זיי ווירקן.

אלבער:

וואָס טויגן זיי מיר?

ייִד:

אין א גלאָז מיט וואסער
ארײַנגיסן דרײַ טראָפּנס, איז גענוג.
עס בלײַבט קיין שפּור, קיין טאם, קיין קאָליר ס'גיט ניט;
אָן בויך־קראמפּן, אָן איבל און אָן ווייטעק
דער מענטש שטארבט אָפּ.

אלבער:

דײַן אלטיטשקער מיט גיפט
ער האנדלט?

ייִד:

יאָ,
מיט גיפטן אויך.

אלבער:

דאָס הייסט
אָנשטאָט אנטלײַען געלט, דו לייגסט מיר פאָר
אָפּ באָרג צוויי הונדערט פלעשעלעך מיט גיפט:
א פלעשל—א דוקאט. אזוי? איאָ?

ייִד:

אײַך גלוסט זיך כּויזעקן פֿון מיר — ניין, כ'האָב
געוואָלט... קאָן זײַן, אַז איר... איך האָב געמיינט
אַז דעם באַראָן איז שטאַרבן צײַט שוין.

אַלבער:

ווי?!

דעם פֿאָטער סאַמען! האָסט געוואַגט דעם זון...
איוואַן, גיך האַלט אים צו... האָסט מיר... געוואַגט...
צי ווייסטו, זעל זשידאָווסקי, גאַס־הונט, שלאַנג!
אַז אַפֿן טויער באַלד וועסט בא מיר הענגען?

ייִד:

פֿאַרזינדיקט זיך. אַנטשולדיקט. כ'האָב געשפּאַסט.

אַלבער:

איוואַן, די שפּריק גיב!

ייִד:

איך... איך האָב געשפּאַסט.

כ'האָב געלט געבראַכט אײַך.

אַלבער:

הונט, אַרויס!

(דער ייִד גייט אַרויס).

צו וואָס
די קאַרגשאַפֿט פֿון מײַן פֿאָטער לײַבלעכן
דערפֿירט מיך. וואָס דער ייִד האָט זיך דערוועגט
מיר פֿאָרלייגן! דערלאַנג מיר ווײַן א גלאָז,
עס פֿיבערט מיך... איוואַן, נאָר פֿאָרט דאָס געלט
איך דאַרף. דעריאָג אים, דעם פֿאַרפֿלוכטן ייִד,
און די דוקאַטן נעם בא אים אַוועק,
א טינטער ברענג, כ'וועל אָנשרײַבן א צעטל
דעם שווינדלער, פֿיר נאָר ניט אַרײַן אהער
אָט דעם יהודאַ, אָדער ניין, וואַרט אויס
פֿון די דוקאַטן זײַנע שמעקן וועט
מיט גיפֿט, ווי פֿון די דרײַסיק זילבער־שטיק
פֿון עלטער־זיידן זײַנעם... ווײַן האָב איך
געבעטן...

איוואַן:

ווײַן
בא אונדז קיין לעק ניטאָ.

אלבער:

און דער פּרעזענט, וואָס מיר האָט צוגעשיקט
רעמאָן פון שפּאניע?

איוואַן:

נעכטן אָפּגעטראָגן
די לעצטע פלאַש דעם קראנקן שמיד.

אלבער:

כ׳געדענק,
איך ווייס... כאָטש וואסער גיב, פארשאָלטן לעבן!
ניין, ס׳איז באַשלאָסן, איך גיי זוכן רעכט
באַם הערצאָג, צווינגען זאָלן זיי דעם פאָטער
מיך האלטן, ווי אַ זון, ניט ווי קיין מויז,
געבאָרענע אונטערן דיל.

## צווייטע סצענע

(אין קעלער).

באַראָן:

ווי אַ פארשייַטער יונג וואַרט אַ באַגעגעניש
מיט אַ פאַרפירערן פאַרדאָרבענער,
צי מיט אַ נאַר—אַ מויד, דורך אים פאַרפירטער,
אַזוי האָב איך אַ גאַנצן טאָג דערוואַרט
די רעגע, ווען איך וועל אראָפּ אין מייַן
געהיימען קעלער צו די טרייַע קאַסטנס.
אַ טאָג אַ גליקלעכער! אָט הייַנט איך קאָן
אין זעקסטער קאַסטן (אין ניט פולער נאָך)
אַ הויפן נייַ־צונויפגעשאַרטן גאָלד
אַרייַנשיטן און, דאַכט זיך, ניט קיין סאַך,
נאָר ביסלעכווייַז די אוצרות וואַקסן—ערגעץ
געלייענט האָב איך: איינמאָל האָט אַ קיניג
באַפוילן זייַנע זעלנער הויפנווייַז
צוזאַמענטראָגן זאַמד—איז אויסגעוואַקסן
אַ שטאָלצער באַרג, און ס׳האָט געקאָנט דער קיניג
באַטראַכטן לוסטיק פון דער הויך דעם טאָל,
מיט ווייַסע ביידלעך צוגעדעקט, דעם יאַם
מיט יאָגנדיקע שיפן. אָט אַזוי
איך אויך, בלויז ברענגענדיק געהיימע הויפנס
מיט אָרדנטלעכן צינז מייַנעם אהער,
אין קעלער אָנגעשאָטן כ׳האָב מייַן באַרג,
און פון זייַן הויך איך קאָן באַטראַכטן אַלץ,
וואָס וואַרפט זיך אונטער מיר. נאָר וואָס איז מיר

ניט אונטערטעניק? ווי א דעמאָנ, כ'קאָנ
פונדאנענ הערשנ איבער גאָר דער וועלט;
אויב כ'ויל נאָר—וועלנ אויסוואקסנ פאלאצנ;
אינ מייַנע פראכט־סעדער זיכ זאמלענ נימפעס
געמיינדעס לוסטיקע; אונ ס'וועלנ מוזעס
מיר ברענגענ זייער גאָב; דער פרייַער געני
וועט זייַנ פארשקלאפט בא מיר; אליינ דער ווילטאט,
די מי די שלאָפלאָזע זיי וועלנווארטנ
געדולדיק אפ מייַנ לויב; כ'וועל נאָר א פייַפ טאָנ,
וועט זיכ ארייַנגליטשנ די מערדערייַ
די בלוטיקע צו מיר געהאָרכזאם, פאָרכטיק.
די האנט מיר לעקנ, אינ די אויגנ מיר
ארייַנקוקנ, דאָרט לייענענ מייַנ ווילנ.
אלצ איז געהאָרכזאם מיר, איכ—קיינעם ניט;
אריבער אלע גלוסטונגענ איכ שטיי,
כ'בינ רויִק, כ'ווייס מייַנ קראפט, פאר מיר—גענוג
אָט דער באוווּסטזייַנ...

(קוקט אפ זייַנ גאָלד).

דאכט זיכ, גאָר ניט פיל,
נאָר וויפל מענטשנ־זאָרג, גענארערייַ,
געבעט אונ טרערנ, אונ פארפלוכטונגענ
פולוואָגיק שטעלט עס מיט זיכ פאָר! פאראנ דאָ
אנ אלטערטימלעכער דובלאָנ... אָט איז ער.
ס'האָט אנ אלמאָנע הייַנט מיר אָפגעגעבנ
נאָר פריִער איז זי מיט די קינדער אירע
א האלבנ טאָג געשטאנענ אפ די קני
באם פענצטער מייַנעם, נאָכאנאנד געיאָמערט,
א רעגנ איז אראָפ אונ אופגעהערט,
אפסנייַ אוועק, די אָנשטעלערנ האָט
פונ אָרט זיכ ניט גערירט, איכ וואָלט ניט געקאָנט
פארטרייַבנ זי, נאָר עפעס האָט דאָס הארצ
געזאָגט, זי האָט דעם כויוו דעם מאנס געבראכט,
זי וועט ניט וועלנ מאָרגנ זייַנ אינ טפיסע.
אונ דאָס? געבראכט האָט מיר טיבאָ—גענומענ
האָט ער דאָס ווו? א פוילער אונ א שווינדלער.
געווויס בעגאנוועט, אָדער ס'קאָנ גאָר זייַנ
אז אפנ טראקט, באנאכט, אינ וועלדל... יאָ!
ווענ טרערנ, בלוט אונ שווייס פארגאָסענע
פאר דעם, וואָס דאָ פארהיט זיכ, וואָלטנ פלוצלינג
ארויס פונ אונטער דר'ערד—א צווייטער מאבל
וואָלטנ קומענ אפ דער וועלט, כ'וואָלט זיכ דערטרינקענ

און מײַנע קעלערס זיכערע, נאָר שוין,
גענוג. (װיל עפענען א קאסטן).
צו יעדעס מאָל,—װען עפענען
א קאסטן כ׳פרוּװ, מיך װארפט אין היץ און קעלט,
ניט שרעק (אָ, ניין! פאר װעמען שרעקן זיך
מײַן שװערד—איז דאָ מיט מיר. פאר גאָלד עס ענטפערט
דער טרײַער שטאָל), דאָס הארץ עס קלעמט מיר נאָר
אן אומבאקאנט געפיל. די מעדיקער
דערװײַזן, אז פאראן אזױנע לײַט,
װאָס אױך אין מאָרד געפינען זײ א װוילטאָק.
און װען איך שפאר דעם שליסל אינעם שלאָס,
איך פיל אָט דאָס, װאָס פילן דארפן זײ
דעם מעסער שטעכנדיק אין הארץ דעם קאָרבן:
א װוילטיק און א שרעק צוזאמען.

(שליסט אוף די קאסטן).

אָט
איז מײַן גענוס!
(שיט ארײַן דאָס געלט). גײט, גײט, גענוג אײַך שוין
איבער דער װעלט צו נישטערן און דינען
די לײַדנשאפטן, צײטן פון דעם מענטשן.
שלאָפט אײַן איצט מיט א שלאָף פון רו און קראפט,
װי געטער שלאָפן אין די טיפע הימלען...
איך װיל זיך אָפּריכטן א יאָנטעװ הײַנט:
בא יעדער קאסטן אָנצינדן א ליכט
זײ אלע עפענען, און צװישן זײ
שטײן קוקן אף די פינקלדיקע קופעס.

(צינדט אָן ליכט און עפנט אוף אײנציקװײַז אלע קאסטנס).

איצט קיניג איך! װאָס פאר א צױבער־שײַן!
געהאָרכזאם מיר און שטארק איז מײַן מלוכע,
אין איר—מײַן גליק, מײַן ערע און מײַן רום.
איך קיניג. אָבער װען איך קוק זיך אום,
די מאכט נאָך מיר װעט איבערגײן צו װעמען?
צום זון, צום יונגן, זינלאָזער פארשװענדער!
װוּ נאָר אן אױסגעלאסענער ער איז
דער צװײטער. װי איך שטארב נאָר אָפּ, װעט ער,
װעט ער! אראָפּ אהערצו, אונטער אָט
דעם שטומען פרידלעכן געװעלב, מיט אים,
א מאכנע שמײכלער, הױפלײַט גיריקע.
און צושלעפנדיק בא מײַן קאלטן גוף
די שליסלען, װעט ער עפענען די קאסטנס

מיט א געלעכטער. און די אוצרעס מײַנע,
זיי וועלן נעמען פליסן, אָנפילן
די אטלאסענע, לעכערדיקע טאשן.
ער וועט צעברעכן ס'הייליקע געשיר,
מיט קיניגלעכן אייל די קויט באטרענקען
פארשווענדן וועט ער. און מיט וועלכע רעכט?
מיר האָט זיך דען דאָס אלץ אומזיסט געגעבן,
צי שפאסנדיק, ווי דער געשולטער שפילער,
מיט ביינדלעך קלאפנדיק, שארט קופעס גאָלד?
און וויפל צריקהאלטונגען שמערצלעכע,
געצווימטע לײַדנשאפטן, דריקנדע
געדאנקען, זאָרג באטאָג און נעכט אָן שלאָף
דאָס אלץ מיר קאָסט? קאָן זײַן, דער זון וועט זאָגן
מײַן הארץ פארוואקסן איז מיט מאָך, אז כ'האָב
פון קיין באגערן ניט געוווּסט, אז מיך
האָט דער געוויסן קיינמאָל ניט געקלעמט:
געוויסן—אָט די נעגלדיקע כײַע,
וואָס קארבט דאָס הארץ, געוויסן—אָט דער גאסט
דער אומגעבעטענער, דער מיטשפרעכער,
וואָס מאכט דיך דול, דער פרעכער וווּכערניק,
דער טײַוול, וואָס פאר אים דער מוילעד לעשט זיך,
די קוואָרים בלײַבן אין פארלעגנהײַט
און שיקן גלײַך ארויס די טויטע?.. ניין,
דײַן רײַכטום בלוטיק פריער אויס, און דאן
מיר וועלן זען, צי דער אומגליקלעכער
פארשווענדן וועט אזוינס, וואָס ער האָט זיך
דורך בלוט דערוואָרבן. אָ, ווען כ'קאָן פון בליק
ניט ווירדיקן מײַן קעלער אויסבאהאלטן!
אָ, ווען איך קאָן צוריק פון קייווער קומען
און ווי א שאָטן אפ דער וואך זיך זעצן
אפ אָט דעם קאסטן, פון די לעבעדיקע
די אוצרעס מײַנע אָפהיטן ווי הײַנט!

# דריטע סצענע

(אין פאלאץ)

## אלבער, הערצאָג

### אלבער:

מײַן האר, איר גלויבט, כ'האָב לאנג געליטן שאנד
פון ווינסטער אָרעמקײַט. ווען ניט די נויט,
איר וואָלט מײַן אָנקלאָגע ניט הערן.

### הערצאָג:

כ׳גלויב

איך גלויב אײַך, ריטער ווילגעבירטיקער,
אַזאַ, ווי איר, באַשולדיקן וועט ניט
דעם פֿאָטער אָן אַ גרונט. פֿאָראַן דאָך ווייניק
אַזוינע אויסגעלאַסענע. זײַט רויִק,
כ׳וועל אײַער פֿאָטער פֿירהאַלטן נאָר אויג
אַף אויג, אָן טומל. כ׳וואַרט אַף אים. שוין לאַנג
מיט אים זיך ניט געזען, געווען איז ער
מײַן זיידנס פֿרײַנט נאָך. איך געדענק, נאָך גאָר
אַ קינד, ער פֿלעגט מיך זעצן אַף זײַן פֿערד
און צודעקן מיך מיט זײַן שווערן העלם,
ווי מיט אַ גלאָק.

(קוקט אַרײַן אין פֿענצטער)

ווער איז? ניט ער גייט?

### אַלבער:

ער,

מײַן האַר.

### הערצאָג:

אין יענעם צימער גייט. איך וועל
אַ רוף טאָן אײַך!

(אַלבער גייט אַרויס; עס קומט אַרײַן דער באַראָן).

באַראָן, מיך פֿרייט אײַך זען
געזונט און מונטער.

### באַראָן:

גליקלעך בין איך, הערשער,
וואָס קומען כ׳האָב געקאָנט לויט אײַער רוף.

### הערצאָג:

שוין לאַנג, באַראָן, שוין לאַנג מיר האָבן זיך
צעשיידט. געדענקט איר מיך נאָך?

### באַראָן:

אײַך, מײַן האַר?

ווי איצט איך זע אײַך; אָ, געווען זײַט איר
אַ לוסטיק קינד. עס פֿלעגט דער אַלטער הערצאָג
אַלץ טײַנען מיר: פֿיליפּ (מיך רופֿן נאָר פֿיליפּ)
וואָס זאָגסטו, האַ? אין צוואַנציק יאָר אַרום,
וועל איך מיט דיר נאָך זיכער אויסזען נאַריש
פֿאַר אָט דעם פּיצל... ס׳הייסט פֿאַר אײַך...

### אלבער:

די פרינצשאפט
באַנײַען װידער װעלן מיר. איר האָט
מײַן הויף פארגעסן.

### באראָן:

אלט בין איך שוין, הערשער,
באם הויף װאָס קאָן איך אויפטאָן? איר זײַט יונג
טורנירן, מאַלצײַטן אײַך זײַנען ליב.
פאר דעם איך טויג שוין נים. װאָלט גאָט געשענקט
מילכאָמע, בין איך גרייט נאָך קרעכצנדיק
זיך זעצן אפן פערד, און קראפט װעט קלעקן
די אלטע שװערד מיט טרייסלענדיקער האנט
פאר אײַך אנטבלויזן.

### הערצאָג

אײַער גינציקײַט,
באראָן, איז אונדז באװוסט; איר זײַט א פרײַנט
מײַן זיידנס נאָך, געשעצט האָט אײַך מײַן פאָטער,
אויך איך װײס אײַך אלס דרייסטן, טרײַען ריטער.
נאָר לאָמיר זיצן. קינדער זײַנען פאראנ
בא אײַך, באראָן?

### באראָן:

איין זון.

### הערצאָג:

פארװאָס בא זיך
איך זע אים ניט? ס'האָט אײַך דער הויף דערעסן
נאָר אים, אין זײַנע יאָרן, אין זײַן גראד,
אים װאָלט געפאסט צו זײַן בא אונדז.

### באראָן:

מײַן זון
ער האלט ניט פון קיין װעלטלעך רוישיק לעבן;
עס זיצט אין אים א װילד, א טרויעריק
געמיט. ער הייס נאָר אומבלאָנקען ארום
דעם שלאָס, אין װעלדער, װי א הירש א יונגער.

### הערצאָג:

װאָס טויג פאר אים זיך זונדערן פון מענטשן?
מיר װעלן גיך דאָ צוגעװוינען אים
צו פײַערונגען; באלן און טורנירן.

צו מיר אים שיקט און א געהאלט באשטימט
דעם זון לויט אײַער ראנג. איר כמורעט זיך,
קאָן זײַן, אז איר זײַט מיד פון וועג.

### באראָן:

מײַן האר,
ניט מיד בין איך; איר האָט מיך נאָר געבראכט
אין א פארלעגנהײַט. כ'וואָלט ניט געוואָלט
זיך מוידע זײַן פאר אײַך, נאָר פאָרט איר צווינגט מיך
דערציילן אײַך אזעלכעס פון מײַן זון,
וואָס איך וואָלט גערן פון אײַך אויסבאהאלטן.
ער האָט, מײַן האר, צום אומגליק, ניט פארדינט
די אופמערקזאמקײַט אײַערע, און ניט די גנאָד.
זײַן יוגנט פירט ער דורך פארשײַט
און אין געמיינע זינד.

### הערצאָג:

דאָס איז דערפאר,
באראָן, ווײַל ער איז איינזאם. ליידיקגיין
און אָפגעזונדערטקײַט פארדאכט די יוגנט.
צו אונדז אים שיקט, וועט ער פארגעסן גלײַך
אָן די געווינהײַטן, געבאָרענע
אין העק.

### באראָן:

אנטשולדיקט מיר,
נאָר גלויבט מיר, הערשער,
איך קאָן אפ דעם ניט אײַנגיין.

### הערצאָג:

נאָר פארוואָס?

### באראָן:

באפרײַט אן אלטן מאן.

### הערצאָג:

איך פאָדער גלײַך,
דערקלערט דעם גרונט פון אײַער אָפזאָג.

### באראָן:

כ'בין
דערצאָרנט אפ מײַן זון.

הערצאָג:

פארוואָס?

באראָן:

פאר זייער

א הארב פארברעכן.

הערצאָג:

זאָגט, און וואָס באשטייט עס?

באראָן:

באפרײַט מיך, הערצאָג.

הערצאָג:

אומבאגרײַפלעך. עפשער

זײַט איר דורך אים פארשעמט.

באראָן:

געוויס פארשעמט.

הערצאָג:

נאָר וואָס האָט ער געטאָן?

באראָן:

ער... האָט געוואָלט

מיך טויטן...

הערצאָג:

טויטן? ווע́ל איך צום געריכט

אים איבערגעבן, ווי א וויסטן מערדער.

באראָן:

דערווײַזן ווע́ל איך ניט, כאָטש כ'וויים געווי,

אז ער באגערט מײַן טויט. כאָטש כ'וויים, אז ער

האָט זיך געפרווט מיך...

הערצאָג:

וואָס?

באראָן:

באגאנווענען.

אלבער:

(רײַסט זיך אַרײַן אין צימער).

איר לײַגט, באַראָן!

הערצאָג:

(צום זון)

ווי האָט איר זיך דערוועגט?

באַראָן:

ביסט דאָ? דו, דו האָסט מיר געוואַגט! דעם פאָטער
געקאָנט האָסט אויסריידן אַזאַ מין וואָרט!
איך לײַג? פאַר אונדזער הערשער אין די אויגן!
מיר, מיר... צי כ׳בין שוין גאָר קיין ריטער ניט?

אלבער:

איר זײַט אַ ליגנער!

באַראָן:

גאָט גערעכטיקער!
עס האָט קיין דונער נאָך ניט אויסגעבראָכן;
(וואַרפט דעם זון אַ הענטשקע)
הייב אויף, און זאָל אונדז מישפּטן די שווערד!

(דער זון הייבט אײַליק אויף די הענטשקע).

אלבער:

אַ דאַנק. דאָס איז מײַן פאָטערס ערשט געשאַנק.

הערצאָג:

וואָס זע איך? און וואָס קומט דאָ פאָר? אַ זון
נעמט דעם אַרויסרוף אָן פון אַלטן פאָטער!
אין וועלכע טעג האָב איך עס אָנגעטאָן
די קייט פון הערצאָג! שווײַגט, דו דולער מענטש
און יונגער טיגער, דו, גענוג, (צום זון) לאָזט אָפּ.
די הענטשקע ווײַזט אַהער (נעמט אָפּ).

אלבער:

(פאַר זיך)

אַ שאָד.

הערצאָג:

וי ער
האָט זיך אין איר דאָס איינגעקלאַמערט—אויסוואורף!
גייט, גייט, ניט ווייזט זיך פאר די אויגן מיר
ביז כ'וועל אייך רופן.

(אלבער גייט ארויס)

אומגליקלעכער אלטער,
איר שעמט זיך גאָרניט...

באראָן:

האר, אנטשולדיק, שטיין
איך קאָן מער ניט. די קני זיך ברעכן אונטער,
ס'איז ענג מיר!... ענג!.. די שליסלען זיינען וווּ!
די שליסלען... שליסלען מיינע...

הערצאָג:

ער איז טויט.
אָ, גאָט מיינער! א דאָר א שרעקלעכער
את הערצער גרויזאמע!

1830 י.

יידיש—ש. האלקין.

א. ס. פושקינ

# אינ סיביר

אינ טיפנ פונ סיבירער ארצ
היט שטאָלצ־געדולד פונ אײַער לעבנ,
ס'וועט ניט פארפאלנ גײנ די מי, פונ הארצ
פונ אײַערער דער הייכער שטרעבנ.

א טרײַע שוועסטער דעמ, וואָס לײַדס
אינ שווארצנ אונטערערד פארשפארטנ,
וועט האָפענונג אײַך העלפנ ווארטנ,
ס'וועט קומענ די געגארטע צײַט.

דורכ שווארצע שלעסער וועט דערגײנ
צו אײַך די פרײַנטשאפט אונ די ליבע,
גלײַכ ווי אצינד אינ וויסטע גריבער
מײַנ פרײַע שטימ דערגײט אלײנ.

די קײט וועט פאלנ אפ דער ערד,
אונ העל די פרײַהײַט וועט א שײַנ טאָנ,
אײַכ גריסנ פריידיק באמ ארײַנגאנג,—
אונ פרײַנט וועלנ אײַך אָפגעבנ דעמ שווערד.

יִדיש—מ. ליפש

א. ס. פושקינ

# צו טשאאדאיעוונ

פונ האָפענונג, פונ רו, פונ ליבע
ניט לאנג האָט אונדז דער טרוימ געהילט.
ווי נעפלענ אינ פרימאָרגנס טריבע
צעשווומענ איז די יונגע שפיל.

נאָר ס'זיצנ נאָכ אינ אונדז באגערנ,
אונ אונטער לאסט פונ מאכט אונ שאנד
די רופנ פונ דעמ פאָטערלאנד
מיט הייסנ אומגעדולד מיר הערנ.

מיר האָפנ, ווארטנ אפ דער רעגע
פונ הייליקער פונ פרײַער מאכט,
ווי א פארליבטער הייס דערווארט
פונ דער באגעגעניש די רעגע.

ביזוואנ עס ברענט אינ אונדז דער פלאמ,
ביזוואנ פאר ערע הערצער לעבנ,
מײַנ פרײַנט, קומ שענק דעמ פאָטערלאנד
די קראפט פונ זעל, דאָס שענסטע שטרעבנ.

אָ, כאווער, גלויב, דעמ כוישעכ טרײַבט
די שײַנ פונ גליקלעכנ באגינענ,
ס'וואכט רוסלאנד אופ, די קרעפטנ קלײַבט,
די זעלבסטמאכט שטירצט, אונ אפ רויִנענ
די נעמענ אונדזערע פארשרײַבט.

1818 י.

ייִדיש—ד. האָפשטיינ.

א. ס. פושקין

# 19-טער אָקטיאַבער

זײַן רויטן אָנצוג טוט שוין אויס דער וואַלד,
דער פראָסט באַזילבערט שוין דאָס פעלד דאָס אָפּגעוועלקטע,
דער טאָג ניט ווילנדיק אַזוי צעהעלט זיך
און הינטער בערג פאַרשווינדט ער באַלד.
איז פלאַקער מײַן קאַמין אין צימערל אין פוסטן,
און דו דער ווײַן, מײַן פרײַנט, אין קאַלטן האַרבסט
דײַן לײַכטן פײַער גיס אַרײַן אין ברוסט מיר,
כאָטש אַפּ אַווײַלע נאָר באַרויִקן מײַן האַרץ.

כ'בין טרויעריק: ניטאָ מיט מיר מײַן פרײַנט, ניטאָ,
מיט וועמען כ'וואָלט פאַרטרינקען די צעשיידונג
און וועמען איך זאָל קענען הײַנט אין פריידן
די האַנט אַ דריק טאָן, ווינטשן לאַנגע יאָר אים דאָ.
איך טרינק אַליין; אומזיסט און צום באַדויער
דו רופסט צונויף מײַן טרוים די פרײַנט,
פון טריט באַקאַנטער רויש דערגייט ניט צו מײַן אויער,
אַפּ מײַן געטרײַען וואַרט איך שוין ניט הײַנט.

איך טרינק אַליין, און בײַ נעוואַ דעם טײַך
די פרײַנט דערמאָנען דאָך געוויס מיר,
צי הוליען אַלע דאָרט, דעם טאָג באַגריסן,
צי פעלט ניט עמעצער פון אײַך?
די פּראַכטפולע געוווינהײַט ווער האָט שוין פאַראַטן ווידער?
צי וועמען האָט פאַרשלעפּט פון אײַך די פאַלשע וועלט?
און וועמעס שטימע איז אַנטשוויגן אַפּ דעם איבערוף פון ברידער?
ווער איז ניטאָ צווישן אײַך? ווער פעלט?

ניטאָ שוין מער מיט קרויזן־האָר דער דיכטער,
מיט אויגן־פײַער, מיט גיטאַרע קלונג,
ער שלאָפט שוין רויִק אונדזער טרײַער יונג,
דאָרט אין איטאַליע, אונטער מירטן.

אונ אפנ קיִועװער רוסישנ א כאװערס האנט
האָט ניט פארקריצט אינ מוטער־שפּראכ געציילטע װערטער,
א גרוס געפינענ זאָל א זונ פונ צאָפנ־קאנט
װענ ער װעט װאָגלענ דאָ אינ פרעמדע ערטער.

צי זיצסטו צװישנ דײַנע פרײַנט
אינ פרעמדע הימלענ אײַנגעליבטער יונג, פארשײַטער?
צי גייסטו אָט דעם טראָפּיק דורכ, צי גאָר אינ װײַטע
צאָפנדיקע יאמענ ביסטו הײַנט?
א װעג א גליקלעכנ! גלײַכ פונ ליציי דערפרייט
ביסטו ארופעט אפנ שיפ געשװינד.
פונ דעמלט אָנ דײַנ װעג אינ יאם צעשפּרייט,
אָ, דו פונ שטורעם־כװאליעס אויסדערװיילטע קינד!

דו האָסט פארהיט דאָכ אינ דײַנ װאנדער־גורל
פונ קינדער־יאָרנ פרייד אונ װיי:
דער רויש, די שפּילנ פונ ליציי
דיכ כאָלעמט זיכ אינמיט פונ שטורעם־גרוילנ.
דו האָסט דײַנ האנט געשטרעקט צו אונדז פונ יאם,
דײַנ יונגע הארצ געכאָװעט אונדז מיט פריידנ,
אונ אלצ געזאָגט: דער מאזל האָט אפ לאנג מיסטאם
פארמישפּעט אונדז מיר זאָלנ זײַנ צעשיידנ.

אָ, מײַנע פרײַנט, ס׳איז פראכטפול אונדזער בונד!
װי די נעשאָמע אייביק איז אונ ניט צעשפּליטערט,
פעסט אונ זאָרגלאָז פרײַ אונ א צעבליטער
איז ער צונויפגעװאָקסנ אונטער מוזעס ליד געזונט,
צי װארפט דער גורל אונדז אינ װעלכע לענדער,
װוּהינ דער גליק זאָל ניט פארשלעפּנ דאָ,
די זעלבע זײַנענ מיר: די גאנצע װעלט איז אונדז א פרעמדע,
דאָס פאָטערלאנד איז צארסקאָיע סעלאָ.

פונ קאנט צו קאנט פארפאָלגט פונ א געװיטער,
אונ א פארפלאָנטערטער אינ שטרענגנ גורלס נעצ,
אפ שויס פונ נײַער פרײַנטשאפט כ׳האָב זיכ צוגעזעצט,
א מידער אײַנגעבויגט מײַנ קאָפּ מיט ציטער.
מיט גוטער האָפענונג פונ קינדער־יאָרנ,
מיט מײַנ געבעט, װאָס האָט געריסנ זיכ פונ ברוסט
בינ איכ א פרײַנט מיט אנדערע געװאָרנ,
נאָר ביטער איז געװעזנ זייער גרוס.

און איצטער דאָ אין דעם פארשלעפּטן העק,
א הויז פאר קעלט און איינזאמע זאווייעס,
איז אומגעריכט געקומען די דערפרייונג:
איך דרימען פריינט פון מיינע אומעטיקע טעג
האָב איך ארומגענומען דאָ. פארוועדטע הויז פון דיכטער
האָסטו, אָ, פושקינס פריינט באזוכט אין א זאווי,
דעם טרויעריקן טאָג פון מיין פארשיקונג אומגעריכט גאָר
האָסטו פארוואנדלט אין א טאָג פון דעם ליצײ.

דו, גאָרטשאקאָוו, פון לאנג האָט דיר דער גליק באשיינט.
א לויב צו דיר—פאָרטונעס גלאנץ דער קאלטער
האָט ניט דערשטיקט דיין פריע הארץ און ניט באהאלטן:
דערזעלבער ביסט פאר ערע און פאר פריינט.
פארשיידן האָט באשטימט דער גורל אונדז די וועגן,
ערשט אָנגעהויבן לעבן—גלייך צעשיידט,
נאָר אומגעריכט מיר האָבן זיך באגעגנט,
ווי ברידער זיך ארומגענומען זאלבעצווייט.

ווען ס'האָט געטראָפן מיר דעם גורלס, בייזער מעסער,
פארפרעמדט פון אלעמען, פאריאָסעמט און אליין
בין איך געבליבן אונטער שטורעם שטיין,
געוואַרט אפ דיר—מיין דיכטער פון די יונגפרויען פערמעסער.
דו ביסט אריין, דער מוזעס זון געטריער,
אָ, דעלוויג פריינט: דיין שטים האָט אופגעוואַכט
און אופגעוועקט אין הארץ דעם דרימלענדיקן פייער.
איך האָב געבענטשט מיין גורל יענע נאכט.

נאָך קינדהייז האָט בא אונדז דער גייסט פון ליד געברענט,
א וווּנדערלעכער ברויז האָט אונדז געצויגן,
נאָך קינדהייז זיינען מוזעס צווי צו אונדז געפלויגן
אוןביידן אונדז געכאָוועט אפ די הענט.
נאָר כ'האָב שוין ליב געהאַט אפלאָדיסמענטן,
און דו האָסט שטאָלץ געזונגען פאר דער מוזע, צום געפיל,
כ'האָב מיין טאלאנט פונקט ווי מיין לעבן אָן שום אכט צעשווענדעט
און דו דיין געני האָסט דערצויגן אינדערשטיל.

עס דולט די מוזע ניט קיין פוסטע רייד,
דאָס פראכטפולע דארף זיין גרויסארטיק:
די יוגנט אָבער אייצעט און פארנאַרט אונדז,
א טרוים א נארעשער אונדז פריידט.

און מיר באַקלערן זיך—נאָר שפּעט! און טרויעריק מיר מוזן
אַפּ הינטער קוקן ווו קיין שפּורן ווערטו ניט דערזען,
ווילהעלם, זאָג, מיין טרייער ברודער לויט דער מוזע,
צי ניט אזוי איז אויך מיט אונדז געווען?

שוין צייט! שוין צייט! דעם פּיין פון טיפן האַרצ
האָט ניט פאַרדינט די וועלט; געגוג די טאָעסן און זאָרגן!
דאָס לעבן לאָמיר דאָ אין איינזאַמקייט פאַרבאָרגן!
איך וואַרט אַפּ דיר מיין שפּעטער פריינט, איך וואַרט.
נו, קום אַריין און מיטן פייער פון דיין צויבער־מייסע וועק
לעגענדעס האַרציקע באַ ביידן,
דערמאָנען די קאַווקאַזער שטורעמדיקע טעג
און וועגן שילערן און רום און ליבע ריידן.

שוין צייט אויך מיר... איז הוליעט מיינע פריינט!
נאָך אַ באַגעגעניש מיין האַרצ פאַרבענקט זיך,
דעם דיכטערס אַ פּאַרויסזאָג פאַרגעדענקט זשע:
אַ יאָר וועט דורכלויפן און כ'בין מיט אייך ווי היינט,
מיין טרוים וועט פאַרט מעקויעם ווערן,
אַ יאָר וועט דורכלויפן, מיט אייך כ'וועל ווידער זיין,
אָ וויפל אויסגעשרייען, וויפל טרערן,
און וויפל קופּלען אויפגעהויבענע מיט ווין!

און פול גיסט אָן דעם ערשטן, פול!
און ביזן דעק אים אויסטרינקען מיר מוזן
לעקאָוועד אונדזער בונד! בענטש, זיגערישע מוזע,
בענטש: זאָל לעבן אונדזער שול!
אַ לויב אייך טויטע, לעבעדיקע, לערער, ליבע,
באַ וועמען אונדזער יוגנט האָט געהאַט אַ שוץ,
די קופּלען אויפגעהויבן צו די ליפּן,
דאָס שלעכטס פאַרגעסט, באַצאָלט פאַר גוטס.

איז הוליעט, מיינע פריינט, ביז וואַנ מיר זיינען דאָ!
אָ, ווי דער קרייז פון שאָ צו שאָ ווערט שיטער,
ווער שלאָפט אין קייווער שוין, און ווער אין ווייט פאַרביטערט,
דער שיקזאַל קוקט, מיר וועלקן, ס'לויפן טעג און שוין ניטאָ.
מיר ווערן אומבאַמערקבאַר איינגעבויגענער און קעלטער,
צוריק מיר נעמען שוין צום אָנהויב גיין,
איז וועמען זשע וועט אויסקומען שוין אַפּ דער עלטער
צו פייערן דעם טאָג פון דעם ליצייי אַליין?

מײַנ אומגליקלעכער פרײַנט! פאר קומענדיקע דורעס נײַע
וועסט זײַנ א לאנגווײַליקער גאסט, פארפרעמדט און אומבאקאנט,
ער וועט דערמאָנענ אונדז די יאָנטעוו־טעג די טרײַע,
דאָס אויג פארמאכנדיק מיט ציטערדיקער האנט...
איז זאָל ער דעמלט מיט א פרייד כאָטש א צעשטערטער
דעם טאָג דעם הײַנטיקנ פארברענגענ בא א קופל ווײַנ,
ווי איכ אָט איצטער אײַער פרײַנט פארווערטער
האָב אים פארבראכט אָנ זאָרג, אָנ פײַנ.

1825 י.

יִדיש—מ. טייפ.

---

# אריאָנ

געווענ אינ שיפ מיר זײַנענ פיל:
ווער ס'האָט דעם זעגל אָנגעצויגנ,
אונ ווער אינ טיפ ארײַנגעבויגנ
די פעסטע רודערס. אינדערשטיל
האָט אונדזער רוד'רער קלוג אונ זיכער
געפירט פאָרויס די שווערע שיפ;
אונ איכ—מיט גלויבנ פול, איכ שטיפ
אונ זינג... נאָר פלוצים האָט די טיפ
צעקנייטשט א ברויזנדיקער וויכער,
פארזונקענ זײַנענ קליינ אונ גרויס.
נאָר איכ—דער שטילער זינגער בלויז
געבליבנ אפנ ברעג בינ איינער.
אונ כ'זינג די הימנענ גלײַכ ווי פריִער
אונ אפ דער זונ איכ טריקנ מיר
דאָס פײַכטע אָנטאָנ הינטער שטיינער.

1827 י.

יִדיש—מ. כאשטשעוואצקי.

---

* * *

כ'טרינק פאר געזונט פון מערי,
ליבער מערי מײַן.
קײנער זאָל ניט הערן,
שטיל, אָן געסט, כ'וועל חײַנ
טרינקען פאר מײַן מערי.

שענער טרעפט פאר מערי,
שענער פאר מערי מײַן
פאר דער קלײנער פערי;
נאָר מ'קען ניט ליבער זײַן
פאר דער צארטער מערי.

זײַ זשע גליקלעכ מערי,
זון פון לעבנ מײַנס!
זאָל פון צאר און טרערן,
זאָל פון טעג אין מײַן
גאָרניט וויסנ מערי.

1830 י.

יידיש—ז. אקסעלראָד.

---

* * *

שוין צײַט, מײַן פרײַנט, שוין צײַט, דאָס הארצ בעט רו אצינדער
עס לויפן טעג נאָכ טעג, און יעדע שאָ געשווינדער
טראָגט אָפּ א טײל פון זײַן, און מיר מיט דיר באצווייט
מיר טראכטן לעבן נאָכ, נאָר זע ס'קומט אָן דער טויט.

ניטאָ קײן גליק אין וועלט, פאראן איז פרײַהײַט, פרידן
שוין לאנג פון אזא גורל וואָלט איכ זײַן צופרידן,
שוין לאנג, דער מידער קנעכט, אנטלויפן כ'וויל
אין ווײַטן ווינקל דאָרט פון מי און לויטערן געפיל.

1834-1836 י.

יידיש—ז. אקסעלראָד.

---

# א וואַלקן

די וואָלקן, די לעצטער פון שטורעם צעזייטן!
אליין טראָגסט זיך אומעט אין הימל אין ברייטן.
אליין ווארפסט א שאָטן פון אומעט און קלאָג,
אליין דו באטריבסט דעם צעזונגענעם טאָג.

אקאָרשט האָסט דעם הימל אינגאנצן פארכמארעט,
און גרויזאמע בליצן דיך האָבן געארעמט,
און דונערס פארבאָרגענע האָט זיך געהערט,
מיט רעגן געשטילט האָסט די דאָרשטיקע ערד.

געוועג שוין, באהאלט זיך, ס'אריבער דײַן צײַט שוין,
די ערד איז דערפרישט און דער שטורעם פארבײַ שוין,
און ווינט צווישן בלעטער און ביימער זיך קלײַבט
און דיך פון באַרוּיִקטע הימלען פארטרײַבט.

1835 י.

יִדיש—מ. כאשטשעוואצקי.

---

# א וואָלקן

פארבליבענער וואָלקן פון שטורעם צעזייטן!
דו איינער יאָגסט אום אין די זויבערע ברייטן,
א שאָטן א גרויער פון דיר גיט א טראָג,
דו איינער פארומערסט דעם פריידפולן טאָג.

האָסט נאָרוואָס דעם גאנצענעם הימל פארנומען,
און שטרענג האָבן בליצן דיך האלדזן גענומען.
פארבאָרגענע דונערס זיך האָבן דערהערט
און דו האָסט געפּאָיעט די דאָרשטיקע ערד.

די צײַט איז געענדיקט, גענוג, ווער צערונען!
די ערד איז שוין פריש, ס'איז דער שטורעם אנטרונען,
די בלעטעלעך צערטלט דער ווינט אפן בוים
און טרײַבט דיך און יאָגט פון באַרוּיִקטן רוים.

1835 י.

יִדיש—ה. קאמענעצקי.

---

## דאָן

אפ דער ראכוועס סוס ער שייַנען.
פליסט און בלאנקט... געגריסט זײַ, דאָן!
פון די ווײַטע זין פון דײַנע
מיט א גרוס צו דיר כ'קום אָן.

ס'האָט דײַן רום זיך ווײַט צעוואָקסן,
יעדן טײַך ביסטו באוווּסט;
פון יעוופראט און פון אראקס אויך
האָב איך דיר געבראכט א גרוס.

אָפגערוט פון דער מילכאָמע,
און דערשפּירט די אייגן ערד.
פון די ארפאטשײַער שטראָמען
טרינקען שוין די דאָנער פערד.

פאר די בראווע רײַטער דײַנע,
טיפ פון הארץ געליבטער דאָן,
שוימיק־פלאמענדיקע ווײַנען
פון די ווײַנגאָרטנס גרייט אָן.

1829 י.

יידיש — ה. קאמענעצקי.

## דאָן

. צווישן ברייטע פעלדער שײַנענד,
ווי ער פליסט! געגריסט זײַ דאָן!
פון די ווײַטע זין פון דײַנע
אָפגעבן א גרוס איך קאָן.

צווישן טײַכן דער בארימטער
שטילער דאָן איז ווײַט באוווּסט.
פון אראקס כ'האָב דיר אצינדער
און יעוופראט געבראכט א גרוס.

אָפגערוט פון בייזע סאָנים
און דערשפּירט די היימאט־ערד.
פון די ארפאטשײַער שטראָמען
טרינקען שוין די דאָנער פערד.

גרייט זשע אָנעט, דאָן געגארטער
פאר די רײַטער, פול מיט קראפט,
פון די ווײַנגערטנער די צארטע
פויקען שפריצנדיקן זאפט.

1829 י.

יידיש — מ. כאשטשעוואצקי.

אי. נאָוויקאָוו

# דער פּרווו צו אַנטלויפֿן

## (א קאַפּיטל פֿונעם ראָמאַן „פּושקין אין מיכײַלאָווסקאָיע“)

נאָך דעם, ווי דאָס פּאַר־פּאָלק קערן איז אָפּגעפֿאָרן פֿון טריגאָרסקאָיע, האָט פּושקין א צײַט קיין ברייוו ניט באַקומען פֿון אַנאַ פּעטראָוונאַ. אין די לעצטע ווערטער אירע האָט זי אים צוגעזאָגט, אַז זי וועט פֿאַרלאָזן דעם מאַן און אַריבערקלײַבן זיך אין פּעטערבורג, און ער האָט זיך געשוואָרן, אַז טייקעף קומט ער צופֿאָרן אין דער רעזידענץ־שטאָט זיך זען מיט איר. עס זײַנען אָבער געגאַנגען טעג נאָך טעג, און אַלץ איז געווען אומבאַוועגלעך און קיין שום ענדערונג איז ניט פֿאָרגעקומען אין זײַן פֿערזענלעכן לעבן. „אומבאַוועגלעך“—האָט ער באַ זיך אַליין א טראַכט געטאָן, דערמאָנענדיק זיך זײַנע אייגענע פֿערזן, און פּלוצלינג האָט זיך אָנגעהויבן א באַוועגונג: דאָס שלאָגן פֿון אירע כוואַליעס האָט זיך דערקײַקלט אויך אין פּסקאָווער העק.

די רעזידענץ־שטאָט איז געווען אָן א קייסער—ער איז אוועקגעפֿאָרן מיט דער קראַנקער ווײַב אויף דאָרעם, און פּושקין האָט באַ זיך געטראַכט: „ער וואָלט כאָטש לענגער פֿאַרבלײַבן דאָרטן—וועט זײַן גרינגער אַרײַנצוכאַפּן זיך אין דער הויפּטשטאָט“. ער האָט געוואַרט אויף עפּעס א ידיעה פֿון די קערנס. אָבער די פּאָסט האָט געשוויגן. אין טריגאָרסק איז די לעצטע טעג אויך געווען ניט פֿריילעך, אָסיפּאָווע האָט זיך צוגעקילט, באַ איר איז געווען א רויז־אָנצינדונג אויפֿן פּאָנעם. נאָר דורך דער פֿאַרגליווערטקײַט האָבן זיך אָנגעהויבן צוערשט דערהערן אומרויִקע קלאַנגען, אַז דער קייסער אַליין איז אויך קראַנק געוואָרן און דערנאָך האָט דעם דאָרפֿישן לאַנגווײַל אויפֿגעטרייסלט א ידיעה, אַז דער קייסער איז געשטאָרבן אין טאַגאַנראָג.

פּושקין איז אײנער אַליין געשטאַנען באַ זיך אין זאַל. דער ווינטער איז אָנגעקומען א קאַלטער, פּונקט ווי אין פֿאָריקן יאָר—אײַנגאַנצן אָן שניי. די ניאַניע האָט איצטער געהייצט דעם אויוון, און פּושקין פֿלעגט ווען ניט ווען אַרײַנגיין אהער א קײַקל טאָן די קוילן אויפֿן ביליאַרד. מיט אַן אויפֿגעהויבענעם ביליאַרד־שטעקן האָט ער אָפּגעענטפֿערט, דערהערנדיק א קלאַפּ, אין טיר:

— אַרײַן!

— א צעטעלע פֿון דער פּריצטע אָסיפּאָווע.

פּושקין האָט אָפּגעלייגט אָן א זײַט דעם שטעקן, און האָט צוגענומען פֿון דער ניאַניע דאָס צעטעלע. דאָס צעטעלע איז געווען א קורצס, און ער האָט עס גיך דורכגעלייענט. מיט א האַסטיקער באַוועגונג, אויסבויגנדיק זיך, ווי אײנער, וואָס וואַרפֿט זיך

אינ א פּאָלאָנקע, האָט ער זיכ פּלוצלינג אונטערגעטוקט אונטערנ ביליארד אונ איז צוריק ארויס פונ דער צווייטער זײַט. מיט שרעק האָט די ניאניע אפ אים געקוקט, אונ פּושקינ אליינ האָט קוים פארשטאנענ, וואָס ער טוט. ער איז אופגעטרייסלט געווענ אינ זײַנ גאנצנ וועזנ אונ ס'איז, קענטיק, אים נייטיק געווענ א וועלכער עס איז האסטיקער זשעסט—אנ אויסלאָדונג פונ דער געשאפענער אָנשטרענגונג: פּונקט ווי ער וואָלט דורכ דעם טאקע ארויסגעשווומענ אינ א נײַ לעבנ. אפ זײַנ פּאָנעם האָבנ זיכ שנעל געביטנ ווידערשפּרעכלעכע געפילנ. אזוי איז ער אוועלע געשטאנענ, אונ ווענ ער האָט זיכ ארומגעקוקט, האָט ער מיט פארוווּנדערונג דערזענ די ניאניע, פּונקט ווי זי וואָלט זיכ נאָרוואָס באוויזנ פאר אים. בא איר איז געווענ א דערשראָקענער אונ פרעגנדיקער פּאָנעם.

— ניאניע, איכ פאָר... הורא!

די ניאניע איז געווענ גרייט זיכ פאנאנדערצוּווײנענ, נאָר ער האָט זי איבערגעשלאָגנ אונ גענומענ אומדרייענ זיכ מיט איר איבערנ צימער.

טייקעפּ פונ מיכײַלאָווסקאָיע איז ער אָבער ניט געפאָרנ, האגאמ געצויגנ האָט עס אים זייער. א קויסע עפּשער מאכנ אפּריַער מיט גוטע ברידער? ער איז געווענ אופגערעגט: ס'איז געוואָרנ אנ אנדער קייסער „איכ וועל ניט בעטנ, פארשטייט זיכ, באם קייסער א דערלויבעניש צו וווינענ אינ אפּאטשקע אָדער אינ ריגע. אפ וואָסער שווארצ יאָר בעטנ דערלויבעניש אפ ארײַנפאָרנ אינ די הויפּטשטעט אָדער אינ ווײַטע לענדער... אינ דער רעזידענצ־שטאָט וילט זיכ מיר צוליב אײַכ, מײַנע פרײַנט; עס וילט זיכ מיט אײַכ נאָכ פארנ טויט אביסל רעכילעס טרײַבנ. ריכטיקער, פארשטייט זיכ, וואָלט געווענ—אוועק־לאָזנ זיכ ערגעצ איבערנ יאמ: וואָס האָב איכ צוטאָנ אינ רוסלאנד?״—אזוי האָט ער געשריבנ צו פּלעטניאָוונ. אונ אָנגעהויבנ דעמ בריוו האָט ער אזוי: „ניט אינ לידער גייט דאָס: ליבער...״ געריכט האָט ער זיכ, אז איצט, פארנ קייסער קאָנסטאנטינ, וועט זיכ אסאכ ענדערנ אונ ארויסגעזאָגט האָט ער דעמ דאָזיקנ געדאנק קאטעגאָריש: „אלס א געטרײַער אונטערטאנ, דארפ איכ, פארשטייט זיכ, טרויערנ איבערנ קייסערס טויט, אָבער אלס פּאָעט פריי איכ זיכ, וואָס אפנ טראָנ איז ארופ קאָנסטאנטינ דער 1־טער: אינ אימ איז פאראנ פיל ראָמאנטיזמ...״ „כוץ דעמ איז ער דאָכ א קלוגער, אונ מיט קלוגע מענטשנ איז פאָרט עפּעס בעסער״. אזוי האָט ער אינ זײַנ געדאנקענגאנג פאָרט ניט פארגעסנ צו דערמאָנענ דעמ געשטאָרבענעמ קייסער „מיט א גוט וואָרט״...

ענדלעכ, איז אָנגעקומענ א בריוו אויכ פונ דער פרוי קערנ. זי האָט אים געשיקט א מאטאָנע גאנצ בײַראָנ אונ האָט אים מודיע געווענ, אז מיטנ מאנ איז זי זיכ פאנאנדערגעגאנגענ אונ פאָרט ארויס אינ פּעטערבורג. בא פּושקינענ האָט אָנגעהויבנ קלאפּנ דאָס הארצ: וועט זי, הייסט עס, איצטער זײַנ אליינ... ער האָט אָבער זאָרגזאמ א טראכט געטאָנ אויכ וועגנ געלט: אליינ לעבנ איז ניט גרינג! אונ ער האָט שנעל איר אָפּגעשיקט דאָס געלט פאר די ביכער. ער האָט איר זייער געדאנקט אונ אויסגעדריקט די האָפענונג, אז „די נאָר וואָס פאָרגעקומענע ענדערונג״ וועט אים דערנעענטערנ צו איר. „ווידער נעמ איכ זיכ פאר דער פעדער, קעדיי צו זאָגנ אײַכ, אז איכ בינ בא אײַערע קני: אז איכ ליב אײַכ נאָכ אלצ; אז עס טרעפט אמאָל, אז איכ האָב אײַכ פײַנט; אז אייער־בעכטנ האָב איכ גערעדט אפ אײַכ שרעקלעכע זאכנ; אז איכ קוש אײַערע פראכטפולע הענטלעכ; אז ווידעראמאָל קוש איכ זיי, אינ דערוואַרטונג אפ עפּעס בעסערס, אז איכ גיי אויס פונ די קויכעס, אז איר זײַט געטלעכ״ א. א. וו.

אונ בעעמעס טאקע, ער איז אויסגעגאנגענ פונ די קויכעס. אפ אנאס געבורטס־טאָג איז געווענ א גרויסער אוילעם. נאָר ער איז געזעסנ צווישנ די געסט אונ זיכ געטראכט זײַנס. גאָר איינ דערציילונג וועגנ א זאכ, וואָס האָט זיכ ניט לאנג געטראָפנ דאָ אינ שכײנעס, אינ נאָוואָרזשעווסקער אויעזד, האָט פארכאפט זײַנ אופמערקזאמקײַט.

איוואנ מאטוויייעוויטש ראקאטאָוו האָט עס אים דערציילט צעצויגנ קליגלענדיק זיכ מיט אלע אײַנצלהײַטנ. די עצעם געשעעניש אָבער איז געווענ א פריילעכע. דער מאנ איז אוועקגעפאָרנ אפ געיעג, אונ דאָס יונג ווײַבל האָט אופגענומענ א פארבײַפאָרנדיקנ יונגנ אונ שיינעמ רײַזנדנ. עס האָט זיכ בא אים צעבראָכנ די קארעטע אונ מע האָט אים דאָ איבערגעלאָזנ אפ נאכטלעגער. באנאכט האָט ער געמאכט אנ ארויסקריכ, אָבער ער האָט געכאפט א פאטש פונ דער באלעבאָסטע.

— דער אָנפאל איז געווענ צופיל אומגעריכט! — האָט דער דערציילער, ווי דערקלערנדיק, כיטרע צוגעגעבנ.

פושקינ האָט געהערט אונ געשמייכלט, אָבער געטראכט האָט ער גאָר וועגנ עפעס אנדערש. ער האָט זיכ אופגעהויבנ אונ איז ארײַנ צו פראסקאָוויע אלעקסאנדראָוונע, וועלכע איז נאָכ אלץ ניט ארויס צו די געסט.

זי האָט אים אופגענומענ. דאָס פּאָנעם אירער איז געווענ פארבאנדאזשירט. זי האָט אָבער ארופגעכאפט אפנ קאָפּ א שאל, קעדיי ניט שרעקנ דעמ גאסט. ווי געוויינלעכ אינ דער לעצטער צײַט, האָט מענ גענומענ שמועסנ וועגנ דער לאגע אינ פעטערבורג.

— אָט, ארסעניעג האָב איכ הײַנט אוועקגעשיקט מיט עפל. ווארט איכ אפ נײַס — ווענ ער וועט זיכ אומקערנ.

פושקינ האָט א טראכט געטאָנ: „א שאָד, וואָס אוועקגעפאָרנ שוינ" — אונ נאָכפאָלגנדיק זײַנע געדאנקענ, האָט ער גענומענ פאנאנדערפרעגנ אָסיפאָווענ, ווי זי איז זיכ נויטעק, ווענ זי ריכט עמיצנ אויס אינ פעטערבורג.

— ווי? גאָר פּאָשעט, איכ שרײַב אים אָנ א בילעט, דעמ אויסזענ, דעמ עלטער, אונ לייג א שטעמפל.

„איכ שרײַב אים אָנ א בילעט..." ווי פּאָשעט דאָס איז: אפ צוריקוועגס, דערמאָנענדיק זיכ גרישקע אטרעפיעווס אנטלויפנ, האָט ער גערעדט צו זיכ אליינ: „אונ אינדערעמעסנ טאקע — פארוואָס ניט ארויסטרעטנ עפעס אונטער א פאלשנ נאָמענ?"

אונ אינדערהיימ האָט ער, ענדערנדיק בלויז אביסל זײַנ האנט־שריפט, גאָר גיכ צוגריפגעשטעלט פאר זיכ אונ פאר ארכיפ דעמ גערטנער אנ אויסגעצייכנטנ „בילעט"; אפריִער האָט ער א קוק געטאָנ אינ שפיגל אונ זיכ איבערצײַגט, אז יאָרנ דארפ מענ זיכ טאקע צוגעבנ.

### בילעט

דיזער איז געגעבנ פונ דאָרפ טריגאָרסקאָיע די מענטשנ: אלעקסיי כאָכלאָוו, הויכ 2 ארש. 4 ווער., האָר טונקל־בלאָנד, אויגנ בלויע, די באָרד געגאָלט, 29 יאָר אלט, אונ ארכיפ קוראָטשקינענ הויכ 2 ארש. 3 1/2 ווער. האָר העלבלאָנדע, ברעמענ געדיכטע, איינ אויג א קרומער, געשטופלט, אלט 45 יאָר, אלס באשטעטיקונג אז זיי זײַנענווירקלעכ געשיקט געוואָרנ פונ מיר קיינ ס. פעטערבורג צוליב מײַנע אייגענע באדערפענישנ אונ איכ בעט דעריבער די הערנ קאָמאנדירנ פונ די וואכפּאָסטנס צו געבנ זיי א פרײַענ דורכגאנג.

פארן שטעלן די דאטע, האָט ער זיך פארטראכט: עפשער גלײַכער צו צייכענען מיט א פריערדיקער דאטע, ווען עס זײַנען נאָך ניט געווען קיין קלאנגען וועגן דעם קייסערס טויט? אזוי וועט טאקע זײַן גלײַכער—עס זאָל זיך קיינעם ניט ווארפן אין די אויגן... און ער האָט געשטעלט אפן „בילעט" די דאטע פון סאָף נאָיאבער.

דערמאָנענדיק זיך מיט א שמייכל פראסקאָוויע אלעקסאנדראָוונעס האנטשריפט, האָט פושקין לײַכט און גרינג אונטערגעשריבן אפן דאָקומענט: ס ט א ט ס ק י ס אָ ו ע ט ניק פ ר א ס ק אָ ו י ע אָ ס י פ אָ ו ע—און געשטעלט זײַן אייגענעם שטעמפל.

באנאכט האָט זיך אים שלעכט געשלאָפן, ער האָט געזען אין כאָלעם דעם זיידן האניבאל, ווי ער שפרײַזט צווישן ביימער. אינדערפרי האָט ער אָבער פונדעסטוועגן גערופן צו זיך ארכיפן און געמאכט די נייטיקע פאראָרדענונגען.

אזוי ארום זײַנען אלע וועגן אפ אָפּטרעטן געווען אָפּגעשניטן. ער איז געווען אופּגערעגט ניט נאָר צוליב דער פאָרשטייענדיקער באגעגעניש מיט דער פרוי קערן. ער האָט זיך אויך דערמאָנט אָן גאָרטשאקאָוון: יענער וואָלט עפשער געקענט ניט צוזאָגן, אָר האָט ער שוין געזאָגט, וועט ער עס אפ געוויס טאָן: ער וואָלט אים געשאפן א פאס אפ פאָרן אין די פרעמדע לענדער. ווען ער האָט זיך פונדעסטוועגן קלאָר פאָרגעשטעלט, אז ער פארלאָזט רוסלאנד—דוכט זיך א געוויינטלעכער געדאנק!—איז אים פאָרט דורך א קעלט איבערן לײַב. און בכלל—וואָס טוט זיך איצט אין פעטערבורג? ער האָט גוט געוווסט, מיט וואָס עס שמעקט א צײַט, ווען עס בײַטן זיך די קייסאָרים.

בעסאָד־סוידעס האָט ארכיפ ארײַנגעפאקט א פויערשן גארניטער פאר זײַן האר. פושקין האָט געוווסט, אפ וועמען ער קאָן זיך פארלאָזן, ווען ער וועט אליין ארויסטרעטן אין דער ראָליע פון אלעקסיי „כאָכלאָוון". אפילע די ניאניע האָט פון דעם דאָזיקן סאָד גאָרנישט ניט געוווסט. איר האָט ער געזאָגט, אז ער פאָרט דאָס אין פסקאָוו אפ זײַן אייגענעם געשפאן און אז די טריגאָרסקאָיער אײַנוווינער, ווען זיי וועלן פרעגן, זאָל מען אויך אזוי זאָגן.

— איז דאָס טאקע אזוי נויטיק צו פאָרן?—האָט די אלטיטשקע איבערגעפרעגט, און אין דעם עצעם טאָג אירן האָט זיך געפילט אָן אומרו.

פושקין האָט גאָרנישט ניט געענטפערט, נאָר דאָס זאָרגעוודיקע נאָכפרעגן זיך און דער אומרו, וואָס האָט זיך אין דעם געהערט, האָבן אים דעם גאנצן וועג ניט אָפּגעלאָזן. אינגיכן האָבן זיי דערזען פונדערווײַטן, אז עפּעס א גײַסטלעכער אין שווארצע מאָנאכנקליידער האָט זיי אין א וועגל איבערגעפאָרן דעם וועג.

— ניט אנדערש—עס וועט עפּעס טרעפן. א פּאָפּ אפן וועג—איז ניט צום גוטן!—האָט ארכיפ א זאָג געטאָן, אויסדרייענדיק זיך.

— נו, איך טרעפּ זיי אָפּטער,—האָט זיך פושקין אומצופרידן אָפּגערופן! ער וואָלט אליין אויך בעסער געוואָלט ניט באגעגענען אפן וועג קיין פּאָפּ.

ארויסגעפאָרן זײַנען זיי פארנאכטלעך מיט דער ריכטיקער אויסרעכענונג—אין דרײַ טעג ארום, אין דערזעלביקער צײַט, אָנצוקומען אין פעטערבורג (ניט פאָרן אפ קיין פּאָסט־פערד). דער אָוונט איז געווען אן אומהיימלעכער, און די פערד האָבן אלע ווײַלע געדרייט מיט די אויערן און האָבן זיך אָנגעשפּיצט. פושקינען איז אויך געווען עפּעס ניט גוט אפן הארצן. דער ערשטער סימען דערצו איז געווען דער פּאָפּ. ער וואָלט אפ אים גאָר קיין אכט ניט געלייגט, ווען ער וואָלט אליין געווען אין אן אנדער שטימונג, נאָר ער האָט גוט געוווסט, אז די דאָזיקע סימאָנים ווארפן נאָר דעמלט אָן אפ אים א

מאָרעשכוירע, ווען די דאָזיקע מאָרעשכוירע איז שוין דאָ אין אים גופע. צי פאָרן ווײַטער? ווער טרײַבט אים? איז עס ניט עפּעס א פאלשער אומרו? וואָס אייגנטלעך, איז דאָ געשען נײַס? קערן? עס וואָלט, פארשטייט זיך, גלענצנדיק געווען צו באגעגענען זיך מיט איר באלד נאָכן אָנקומען, אָבער... און גאָר ניט לאנג האָט ער דאָך אָנגעפרעגט אין א בריוו צו זײַנע גוטע פרײַנט דורך פלעטניאָוון... איז פארוואָס טאקע ניט צו־וואַרטן, „איז עס טאקע אזוי נייטיק צו פאָרן?..״

וואָס איז דאָס דאָרטן?

— א האָז איז איבערן וועג אדורכגעשפרונגען.

— איז ווייסטו וואָס, ארכיפּ?

— איך הער, פּאָרעץ.

— עט, גאָרנישט...

פושקין האָט זיך געשעמט זיך מודיע צו זײַן. ער האָט אין האָז געגלייבט שטאר־קער נאָך אפילע ווי אין דעם פּאָפּ. צו זײַן אייגענער אומזיכערקײַט זײַנען איינער נאָכן אנדערן צוגעקומען די סימאָנים. און קעדיי זיך צו צעשטרײַען, האָט ער זיך גענומען פאָרשטעלן א געיעג און א הונט־שטאַל; וויאזוי יענער מאַן, וועגן וועלכן ראקאטאָוו האָט אים דערציילט, איז אוועקגעריטן מיט זײַן כאָפּטע יאגד־הינט:

„געשווינד, געשווינד! דער האָרן בלאָזט;
דער הינט־יונג דאָרט, אין יעגער־קלייד,
קאַיאָר שוין אף זײַן פערד זיך לאָזט,
דער ווינט־הונט שפּרינגט אין לויטער פרייד.

— — — — — — — — — —

אין גאַרטל — בלאַנקט דער הארטער שטאָל,
אין פעלד־פלאַש פּערלט ווײַן צומאָל,
און האָרן אף א בראָנזן קייטעלע...״

איצטער הענגט ער, דער דאָזיקער האָרן, בא אים אפן וואַנט. ווער דערמאָנט זיך, אז זומער האָט ער בא די קערנס געטרומײַטערט אף דעם דאָזיקן האָרן און אף א רעגע האָט ער דערפילט דעם פארגעניגן פון געיעג.

„נאטאשע! לעבן גאָרטן דאָרט
א כײַע כ'האָב פאריאָגט אף טויט...״

אזוי האָט ער אָנגעהויבן צו „טראכטן אין פערזן״. און ביסלעכווײַז האָט אים די־דאָזיקע סטיכיי, צו וועלכער ער איז געווען צוגעוווינט, אלץ מער און מער צענומען, און דער עצעם צוועק פון זײַן רײַזע האָט זיך ביסלעכווײַז פארצויגן מיט א וויגנדיקן נעפּל. ער פאָרט ערגעץ — און דאָס גאָר... ווען עס האָבן זיך פונדערווײַטן באוויזן די פײַערן פון דעם ייִשעוו וורעווא, האָט פושקין זיך אליין געכאפּט באם געדאנק: „נו אָט, דוכט זיך — שוין אָנגעקומען...״

ווידער א האָז א לאנגער, מיט צעקרימטע פיס, האָט א שנור געטאָן סאמע לעבן די פערדישע קאָפּיטעס... פושקין האָט מער קיין שמועס מיט ארכיפּן ניט פארפירט; ער האָט אים קורץ באפוילן אויסקערעווען די פערד.

ס'איז אים אפּ א האָר אפילע קײן ביזאָיען ניט געווען. צי ער איז ניט פריי צו אנטשיידן אזוי אָדער אנדערש? פארקערט אפילע: א ווארעמע רויִקייט האָט אים ארומגענומען—ער האָט זי קימאט פיזיש געשפירט. ארכיפּ האָט, דוכט זיך, אויך דאָס אייגענע געפילט; און די פערד האָבן געשטעלט גיכערע טריט, קלאַפנדיק מיט די אויערן און פאָרשקענדיק. אהיים, הייסט עס... זאָל איצטער א גאנצע מאכנע האָזן אים איבערלויפן דעם וועג: ניט שרעקלעך—א האָר ניט! און ווען, אין דערעמעסן, זאָלן זיי שפּרינגען, אויב ניט איצטער, אָוונט-צייט!..

די ניאניע האָט פושקינען באגעגנט מיט פרייד; זי האָט אים ארומגענומען און פעסט צוגעדריקט צום הארצן:

— אזוי צופרידן בין איך, אזוי צופרידן! איך האָב זיך עפּעס גאָר קײן אָרט ניט געקאָנט געפינען!

„נו, מיילע...—האָט פושקין אפּ מאָרגן געטראכט.—איך וועל ווארטן... איך וועל זיך מיסטאָמע דערווארטן אפּ עפּעס גוטס. און לידער שרייבן ווילט זיך!"

נאָך „באָריסן", האָט ער שוין איצטער שטארק גענומען בענקען נאָך פרייע פליסנדיקע פערזן. „אָניעגין" איז שוין קימאט געווען פארוואָרפן, און צוטרעטן צו אים אָט מיט-אמאָל אין דער אָנגעשטרענגטער דערווארטונג פון די לעצטע טעג איז עפּעס ניט קײן גרינגע זאך. אָבער אָט דאָס געיעג און דער דורכפאָרער—זאָל זיין א גראפ!—און דער גאנצער אנעקדאָט—דאָס אלץ שטייט אים פאר די אויגן.

אָבער „דער גאנצער אנעקדאָט" האָט באקומען פאר אים נאָך אן אנדער אויסזען. ניט ווילנדיק, איז אים געקומען אין זינען „לוקרעציע". ער האָט אויסגעצויגן די האנט און אראָפּגענומען פון פּאָליצע שעקספּירן. ער האָט איבערגעלייענט נאָכאמאָל דידאָזיקע פּאָעמע, פון וועלכער ער האָט, אגעוו, ניט שטארק געהאלטן. עמעס טאקע, די געשעענישן זיינען געווען ענלעך און וואָלטן אויסגעקומען נאָך מער ענלעך, ווען שעקספּירס העלדן וואָלטן זיך אזוי באגאנגען מיט טארקוויניען, ווי נאטאליע פּאוולאָוונע (אזוי האָט פּוש-קין שוין א נאָמען געגעבן זיין מאדאם). דאָס וואָלט עפּשער צוריקגעהאלטן זיין געשיקטקייט, און ער וואָלט אָפּגעטראָטן... די גאנצע וועלט-געשיכטע וואָלט עפּשער דעמלט געווען אנדערש. דער געדאנק צו פּאראָדירן די געשיכטע און שעקספּירן האָט זיך אים פאָרגע-שטעלט מיט פארפירערישער בוילעטקייט, און נאָך אין א טאָג צוויי ארום האָט ער אין צוויי פרימאָרגנס אָנגעשריבן דידאָזיקע נאָוועלע. די דאָזיקע צוויי טעג איז ער געווען באזונדערס פריילעך און פלעגט אָפּטער ארייַנגיין אין מיידל-צימער, וואָס דאָס פלעגט בא אים אין דער לעצטער צייט קימאט ניט טרעפן.

ווען ער פלעגט שפּעטער לייענען אין טריגאָרסקאָיע פראגמענטן פון „נולין" זיינען אַלע שטארק ניספּאָעל געווען. יעופּראקסיע האָט עפּשער געמאָגט ניט הערן דאָס, נאָר מיט א צעלאָזן מיידל ווערסטו עפּעס מאכן!

— איך האָב דאָך די מייַסע שוין געהערט! און אויב איך מעג הערן ראָקאָטאָוון, זאָל איך ניט טאָרן הערן פושקינען?!

דער טאָג איז געווען אזא, אז עס איז אויסגעקומען נאָכצוגעבן.

אין סאמע ברען פון אופגעלייגטקייט האָט מען אָסיפּאָווען געמאָלדן, אז דער קוכער ארסעני האָט זיך אומגעקערט.

— גיט אים א רופּ אהער,—האָט פושקין געבעטן בא פראסקאָוויע אַלעקסאנדראָוו-נען.—עפּשער וועט ער עפּעס וואָס דערציילן.

— עפּעס האָב איך ניט געהערט, ווי דו ביסט אָנגעפאָרן,—האָט די באַלעבאָסטע א זאָג געטאָן.

— אַט איך האָב אָפּגעלאָזן די פערד, קעדיי איַך, מאדאם, ניט צו באומרויִקן.

— וואָס הייסט—אָפּגעלאָזן די פערד? ווו זשע זיַינען זיי?

— אין פעטערבורג. אין געסט. און איך בין מיט דער פּאָסט...

— וואָס איז דאָרטן, א בונט?—האָט פושקין מיט האסט א פרעג געטאָן, שטייענדיק לעבן אויוון מיט פארלייגטע הענט.

— בעעמעס א בונט,—האָט ארסעני געענטפערט,—אפן פלאץ א שיסעריַי. סאָלדאטן אפ סאָלדאטן.

— און ווען ביסטו ארויסגעפאָרן?

— אזוי ארום דעם פערצנטן.

„פונקט מיט א טאָג פריִער וואָלט איך אויך אָנגעפאָרן!" דאָס בלוט איז אים אנט־שטאנען פון קאָפּ און זיך געגעבן א לאָז צום הארצן. פושקין איז געוואָרן אזוי בלייך, אז זיַין פּאָנעם איז קוים געווען צו אונטערשיידן פון די געלבלעכע קאכל פון אויוון.

— און דער קייסער?—האָט פראסקאָוויע אלעקסאנדראָוונע געפרעגט.

— דער קייסער איז אויך בא די סאָלדאטן. ווייס איך אָבער ניט, וועלכער...

— וואָס הייסט, וועלכער? איין קייסער איז דאָ—קאָנסטאנטין!

— ווער עס זאָגט—קאָנסטאנטין, און ווער עס זאָגט—ניקאָלײַ!

אלע זיַינען געווען דערשראָקן: הייסט דאָס—א צווישן־קריג?..

— איך האָב אזוי געהערט,—האָט ארסעני גערעדט מיט א שטילערן קאָל,—און איך ווייס גאָרנים, ווי דאָס צו זאָגן... עפּעס אין האלבער נאכט, אין כווישעך, האָבן די באָ־יארעס אונדזערע—די מיניסטאָרן מיט די גענערעלער—גענומען פּאָדערן דעם קייסער אין סענאט, און אז ער איז געקומען, איז קאָנסטאנטין אויך אונטערגעשפרונגען, און מיט א ריזיקן שווערד—קלאפּט ער אין טויער. איז ווי לאָזט מען ניט אריַין?..

— אן אומעגלעכע זאך!—האָט אָסיפּאָווע אויסגעשריִען. דאָ הויבן זיך שוין אָן באָבע־מיַיסעס.

אָבער ארסעני האָט אין די אלע מיַיסעס געגלויבט מער, איידער אין עפּעס אנדערש:

— און אין האלבער נאכט האָבן זיי לויט די געזעצן געגעבן א שוווע איינער דעם צווייטן באם ציילעם און בא דער יעוואנגעליע—און האָבן זיך א לאָז געטאָן איינער אפן אנדערן...

פושקין האָט איבערשלאָגנדיק א פרעג געטאָן:

— און אפן פלאץ איז בלויז מיליטער?

זיַין בלייכקיַיט האָט זיך פארביטן אפ א גלאנציקער רויטקיַיט.

— און די הערן אָפיצערן—און, איר זאָלט מיר אנטשולדיקן... דאָס געמיינע פאָלק. א שטילקיַיט איז געוואָרן אין זאל.

— איך האָב איַיך נאָך אין פאָריקן יאָר פאָרויסגעזאָגט, אז עס וועט זיַין א בונט,—האָט פושקין ארויסגערעדט, אָפּטרעטנדיק טאָפּקאָלסאָפּ פון אויוון, ווי די עצעם סאקאָנע וואָלט שוין געווען אריבער, און ער קאָן שוין פארלאָזן זיַין באהעלטעניש.

ער האָט דאָס ארויסגערעדט, ווען ארסעני איז שוין אין שטוב ניט געווען. אָבער ביכלאל איז ער געווען ניט באריידעוודיק און האָט זיך אינגיכן גענומען קליַיבן אהיים. געפאָרן, איז ער איַילנדיק, די געדאנקען האָבן זיך געדרייט בא אים קאָפּ, פונקט

ווי די בלעטלעך אין הארבסט, יע, אזוי איז דאָס: ער וואָלט געקומען אהין אין סאמע ברעג אָדער ערעוו דעם... און ער האָט זיך געשריבן אין דער זעלביקער צייט א פריי־לעכע נאָוועלע... געשריבן און געלאכט זיך, פונקט ווי לידין:

„און לידין לאכט, א יונגער גאָר—
א פּאָרעצ—דריי און צוואנציק יאָר".

סארא מאָדנעקייט: א פאטש, א האָז... קליינינקייטן עפּעס אף די שייד־וועגן פונעם גורל.

דער דאָזיקער געדאנק האָט, אגעוו, בלויז א בליצ געטאָן. ער האָט איצט געטראכט וועגן פעטערבורג און זיך אלץ דערמאָנט, ווי ארסעני דער קוכער האָט אף דער סאמע לעצטער פראגע וועגן בונט געענטפערט:

— קענטיק, דערשטיקט.

אז ער איז געקומען אהיים, האָט ער טייקעף באפוילן, מע זאָל אײַנהייצן אין זאל דעם קאמין.

— מע האָט דאָך שוין הײַנט די אויוונס געהייצט,—האָט מען אים געפּרוּווט דער־קלערן.

אָבער פושקין איז אינקאָעס געוואָרן—וואָס דאָס פלעגט מיט אים קימאט קיינמאָל ניט פּאָרקומען—און האָט שטרענג געפאָדערט, אז זײַן באפעל זאָל טייקעף אויסגעפירט ווערן. דערנאָך האָט ער געבראכט אין אָרדענונג זײַנע פאפירן און האָט באזונדער אָפּגעקליבן די נאָטיצן, וועלכע ער האָט געשריבן שוין פון לאנג אָן. עס האָט זיך אָנגעקליבן א היפּש פעקל פאפיר. נאָר ווען ער האָט אָפּגעקליבן, האָט ער זיך איבער דעם פאר־טראכט.

הײַנטיקן הארבסט נאָך האָט ער א פראגע געטאָן וויאזעמסקען: „וואָס עפּעס, באדוי־ערסטו אזוי דעם פארלוסט פון בײַראָנס נאָטיצן? כאפּט זיי דער טײַוול! א דאנק גאָט, וואָס זיי זײַנען פארפאלן געוואָרן. ער האָט זיך מיסוואדע געקלעגט אין פערזן, און ניט ווילנדיק האָט ער זיך ארײַנגעצויגן אין פּאָעטישער באגײַסטערונג. אין קאלטבלוטיקער פּראָזע וואָלט ער געלײַגט און געכיטרעוועט, אמאָל פרווונדיק צו ווארפן א שײַן פון אופריכטיקײַט, אמאָל באשמוצנדיק זײַנע סאָנים". און איצטער, איבערן פאק אייגענע בלעטער, האָט ער געטראכט, פונקט ווי אין יענעם בריוו: „שרײַבן אייגענע מעמוארן—דאָס ציט, דאָס איז אָנגענעם. דו ליבסט קיינעם ניט אזוי, דו קענסט קיינעם ניט אזוי, ווי זיך אליין. דאָס איז אן איניען אן אומויסשעפּלעכער, אָבער א שווערער. ניט זאָגן קיין ליגן—דאָס קאָן מען; זײַן אופריכטיק—דאָס איז א פיזישע אומעגלעכקײַט. כ'גיט זיך די פען אמאָל א שטעל אָפּ, פונקט ווי אין א פאנאנדערלויף פאר אן אָפּגרונט, אף אזא אָרט, וואָס א צווייטער וואָלט גלײַכגילטיק דורכגעלייענט. האסן דעם מענטשלעכן אורטייל איז ניט שווער; האסן אָבער דעם אייגענעם אורטייל איז ניט מעגלעך".

פושקין האָט געוווסט, אז בײַראָנס נאָטיצן האָבן זײַנע פרײַנט פארברענט נאָך זײַן טויט, און ער האָט איצט געטראכט: „בעסער אליין אלץ פארניכטן!" אף דעם זײַנען, אגעוו, געווען גאנץ וויכטיקע סיבעס. די נאָטיצן האָבן געקאָנט ארײַנשלעפּן די נעמען פון אסאך מענטשן, און אזוי ארום, פארגרעסערן די צאָל קאָרבאָנעס: פושקין האָט זיך געריכט, אז מע וועט זיך אָפּרעכענען, און איז געווען ניט רויִק וועגן

זײַנ אײגענער פערזאָנ. ער האָט אָפּגעקליבנ בלויז עטלעכע בלעטלעכ אונ באהאלטנ זיי פאר וויאזעמסקענ. דאָס איבעריקע—אינ פײַער ארײַנ!

נאָכ א ווײַלע טראכטנ האָט ער צו דעם פּעקל צוגעלײגט נאָכ א בינטל בריוו: „אונ דו, פּושטשינ, ברענ אויכעט! דו האָסט אויכ אמאָל דײַנע אײגענע נאָטיצנ פארברענט".

דאָס הויז האָט שוינ געשלאָפנ, ווענ ער איז דורכנ קאָרידאָר אריבער אינ דער זײַט פונ די עלטערנ. דער קאמינ האָט נאָכ ליכטיק געברענט, אונ לאנגע אומרויִקע שאָטנס האָבנ געבלאָנדזשעט איבער די ווינקלענ. די ניאניע האָט זיכ געגרײט צו די יאָנטעווטעג, אלע זאכנ זײַנענ געווענ צערוקט. די לאָמפּ אראָפּגענומענ (מע וועט זי פּוצנ מיט ציגל), אונ בלויז דער האָקנ אלײנ איז געהאנגענ אויבנ. דער צימער איז אינגאנצנ געווענ ניט קײנ באקאנטער עפּעס.

פּושקינ האָט ניט געזאמט אונ טײקעפּ ארײַנגעוואָרפנ די פּאפּירנ אינ פײַער. א געמישטער רויכ, געל אונ בלאָ, האָט ארומגעכאפּט דאָס גאנצע פּעקל: דאָס פײַער איז ניט געווענ בעקויעכ עס באלד דורכצונעמענ. פּושקינענ איז געוואָרנ פײַנלעכ אומעטיק. די נאָטיצנ זײַנענ נאָכ געווענ ניט אפּ רײנ איבערגעשריבנ, נאָר ער האָט זיכ געקליבנ, שטיצנדיק זיכ אפּ די דאָזיקע נאָטיצנ, מיט דער צײַט אויסצומאָלנ א גרויס בילד פונ דער עפּאָכע.

וועלנדיק פארשנעלערנ דאָס פארברענענ, האָט ער מיט דער פײַער־צוואנג א נעמ געטאָנ מיטאמאָל דעמ גאנצנ הויפנ פּאפּיר אונ געוואָלט אימ פאנאנדערטרײסלענ. מיט א ניט ריכטיקער באוועגונג פונ דער האנט האָט ער אימ אָבער געגעבנ א צי צו זיכ, די צוואנג האָט אָפּגעלאָזנ, אונ דער גאנצער הויפנ, שוינ א צענומענער, איז אראָפּגעפאלנ לעבנ קאמינ אפּ דר׳ערד. העל האָט א שפּאר געטאָנ א פלאמ. פּושקינ האָט אימ געוואָלט אײַנלעשנ, נאָר פלוצלינג האָט זיכ אימ אויסגעדוכט, אז עמעצער האָט א סקריפּ געטאָנ מיט דער טיר. ער האָט זיכ א קער געטאָנ, עס פארשטײט זיכ, עס האָט זיכ אימ בלויז אויסגעדוכט. אָבער אינ דעמ אויגנבליק האָט ער דערזענ זײַנ אײגענעמ ריזיקנ שאָטנ. דער פײַער פונ אונטנ האָט אימ אָפּגעוואָרפנ אפּ דער סטעליע, אונ דער קאָפּ האָט זיכ אומגעוויגט סאמע אפּנ האָקנ.

ער האָט ניט הויכ א געשריי געטאָנ, זיכ א כאפּ געטאָנ פארנ הארצנ, נאָר טײקעפּ געקומענ צו זיכ. אינ א האלב שאָ ארומ האָט דער קאמינ אויסגעברענט, איבערלאָזנדיק בלויז קלײנע קוילנ אונ א הײַפל אש...

ייִדיש—ד. מארשאק.

וו. שקלאָווסקי

# א בונטאריש לעבנ

איכ וואָרנ די לײענער, אז איכ בינ ניט קײנ פושקיניסט אונ האָב זיכ ניט פארנומענ ספּעציעל מיט דער ביאָגראפיע פונעמ גרויסנ דיכטער. דאָס, וואָס איכ שרײַב, איז אָנגעשריבנ ניט דורכ א פאָרשער, נאָר דורכ אנ אופמערקזאמענ לײענער. אסאכ וועט דאָ פונדעסטוועגנ זײַנ שטרײַטבאר.

פונעמ פאָטערס צאד שטאמט אלעקסאנדער סערגײעוויטש פושקינ פונ א גאנצ אָנגעזעענער, אָבער פאראָרעמטער אדעליקער פאמיליע.

די גענעאלאָגיעס פונ די רוסישע אדעליקע פאמיליעס זײַנענ, ביכלאל גערעדט, שטרײַטבאר אונ זעלטנ פולקאָמ ריכטיק. פושקינ האָט געצויגנ זײַנ שטאמ פונ א געקומענעמ פונ פרײַסנ, ראדשא, וועלכער איז געקומענ צופאָרנ קײנ רוסלאנד פאר אלעקסאנדער ניעווסקינ.

אלעקסאנדער סערגײעוויטש פושקינס פאָטער סערגײ לוואָוויטש האָט באקומענ גוטע בילדונג.

דאָס איז געווענ א מענטש מיט א ברײטער האנט אונ אינ דער זעלבער צײַט א קרענקלעכ קארגער. בא אימ האָט ניט געסטײַעט קײנ ענערגיע פאר די אײגענע געשעפטנ, דערפאר אָבער האָט ער זיכ פלײַסיק פארנומענ מיט פרעמדע. סערגײ לוואָוויטש איז פרי פאראָרעמט געוואָרנ, אונ אלעקסאנדער סערגײעוויטש פושקינ איז געבוירנ געוואָרנ אינ מאָסקווע [1] אפ נעמעצקער גאס אינ א הויז, וואָס איז איבערגעמאכט געוואָרנ פונ עפּעס א קאָנטאָר. ער איז געבוירנ געוואָרנ אינ באדינגונגענ קימאט פונ אָרעמקײַט אונ ניט־אײַנגעאָרדנטקײַט.

פונ דער מוטערס צאד איז פושקינ א נעגער אָדער אנ אביסינער. אָט וואָס עס האָט געשריבנ וועגנ דעמ דער דיכטער אלײנ:

„פונ דער מוטערס צאד איז דער אווטאָר פונ אפריקאנישער אָפּשטאמונג. זײַנ עלטער־זײדע אבראמ פעטראָוויטש אניבאל איז אפּנ 8־טנ יאָר פונ זײַנ לעבנ אוועקגערויבט געוואָרנ פונ די ברעגנ פונ אפריקע אונ איז געבראכט געוואָרנ קײנ קאָנסטאנטינאָפּאל. דער רוסלענדישער געזאנדטער האָט אימ אויסגעלייזט אונ אוועקגעשיקט אלס מאטאָנע פּיאָטער דעמ גרויסנ, וועלכער האָט אימ געטויפט אינ ווילנע...“

פושקינס מוטער האָט מענ אינ דער דעמאלסטיקער געזעלשאפט גערופנ „די שײנע קרעאָלקע“. זי איז געווענ א קאפּריזנע, א היציקע אונ אנ אקשנ.

[1] 26 מײַ (6 יונ) 1799 יאָר

דעמ דיכטערס פעטער, וואַסילי לוואָוויטש, איז געווענ א באַוווּסטער דיכטער פונ זײַנ צײַט מיט גרויסע ליטעראַרישע פאַרבינדונגענ.

אינ יענער צײַט איז אינ צאַרסקאָיע סעלאָ, אינעמ פליגל פונ פּאַלאַצ, וואָס איז באַפרײַט געוואָרנ, ווענ עס האָבנ כאַסענע געהאַט אַלע גרויס־פירשטנס, באַשלאָסנ געוואָרנ צו עפענענ אַנ אימפּעראַטאָרישנ ליצײ אַפ 50 שילער.

אינ 1811 י. האָט מענ דעמ ליצײ געעפנט. זײַנ אויפגאַבע איז געווענ דערציִענ פונ די אַדעליקע צוקונפטיקע גרויסע טשינאָווניקעס.

אַזויווי עס איז געגאַנגענ אינ דעמ, זײ זאָלנ זיכ באַפרײַענ פונ איבעריקע זאָרגנ אונ פאַמיליענ־פליכטנ, האָבנ סערגײ לוואָוויטש אונ וואַסילי לוואָוויטש געפונענ באַ זיכ קויכעס זיכ מישטאַדל צו זײַנ אונ פּושקינ איז אָפּגעגעבנ געוואָרנ אינ דעמ דאָזיקנ פּריווילעגירטנ לערנ־אַנשטאַלט.

אינ ליצײ האָט מענ געלערנט ניט שלעכט, אָבער אָנ א סיסטעמ. צווישנ די לעקטאָרנ זײַנענ געווענ יונגעלײַט, וואָס האָבנ זיכ ניט לאַנג אומגעקערט פונ העטינגענער אוניווערסיטעט, דעמלט דעמ בעסטנ אינ אייראָפּע.

פונ די העפטנ פונ פּושקינס פרײַנט, פונ זייערע טאָגביכער, איז קענטיק, מיט וואָס עס האָבנ זיכ דעמלט אינטערעסירט די ליצייִסטנ.

דער צוקונפטיקער דעקאַבריסט [1]) ווילהעלמ קיוכעלבעקער האָט צונויפגעשטעלט פאַר זיכ א ווערטערבוכ, סומירנדיק די אויפירונג־קלאָלימ, באַ וועלכע מע וועט זיכ דאַרפנ האַלטנ אינ לעבנ. אָט איז אַנ אויסצוג פונעמ ווערטערבוכ:

„ש ק ל א פ ע ר ײַ

דאָס אומגליקלעכע פאָלק, וואָס געפינט זיכ אונטערנ יאָכ פונ דעספּאָטיזמ, דאַרפ געדענקענ, אויב עס חיל צערײַסנ זײַנע פענטעס, אַז די טיראַניע איז ענלעכ צו א יאָכ, וואָס פאַרשמעלערט זיכ פונעמ ווידערשטאַנד. קײנ מיטנ איז ניטאָ: אָדער לײַד, ווענ מע האַלט דיכ אַפ א שטריק, אָדער קעמפ, אָבער מיטנ פעסטנ געדאַנק צערײַסנ די פּעטליע אָדער דערווערגנ זיכ. זעלטנ ווענ מעסיקע אָנשטרענגונגענ ברענגענ ניט אומ“.

די בעסטע פונ די דעקאַבריסטנ האָבנ געקעמפט ביזנ סאָפ אונ זײַנענ אומגעקומענ.

די ליצייִסטנ האָבנ געשפּירט די געשיכטע.
עס זײַנענ געגאַנגענ די נאַפּאָלעאָנישע מילכאָמעס.
א גרויסער וועג האָט געפירט פאַרבײַ צאַרסקאָיע סעלאָ.
צאַרסקאָיע סעלאָ, די רעזידענצ פונ קייסער, איז געווענ פול מיט ציטער, האָפענונגענ, מיט יעדיִעס וועגנ דורכפאַלנ.

דער ליצײ האָט איבערגעלעבט די געשעענישנ פונ דער מילכאָמע, דער ליצײ האָט מיט אויפרעגונג באַהאַנדלט דאָס אומבײַטנ די פאָלקנ־פירער פונ 1812 י. די ליצייִסטנ האָבנ גוט געקענט דעמ פּאַלאַצ, אונ אַסאַכ פונ זײ האָבנ גוט געקענט פאַראַכטנ די שכיינימ.

[1]) די דעקאַבריסטנ דאָס זײַנענ געווענ מיטגלידער פונ געהײמע רעוואָליוציאָנערע געזעלשאַפטנ, וואָס האָבנ אויפגעהויבנ אַנ אויפשטאַנד קעגנ דעמ צאַריזמ דעמ 14-טנ דעקאַבער 1825 י. דער אויפשטאַנד איז דערשטיקט געוואָרנ דורכ ניקאָלײַ דעמ ערשטנ, אָבער ער האָט אָפּגעשפּילט א קאָלאָסאַלע ראָליע אינ דער געשיכטע פונ דער רעוואָליוציאָנערער באַוועגונג פונ רוסלאַנד. „עס פּראָטעסטירט א גײַסטיקע מינדערהײַט פונ די אַדעליקע, וואָס זײַנענ מאַכטלאָז אָנ דער אונטערשטיצונג פונ פאָלק. אָבער די בעסטע מענטשנ פונ די אַדעליקע האָבנ געהאָלפנ אויפוועקנ דאָס פאָלק“ (לענינ, ווערק, באַנד 16, ז. 575).

די ליצייִשע סעדער זײַנענ פרעכטיק, זיי זײַנענ באצירט מיט דענקמעלער, מיט סטאטועס.

די סטאטועס פלעגנ אנטפלעקנ פאר פושקינענ בילדער פונ דער היסטאָרישער פארגאנגענהײַט. ער האָט גוט געוווסט די מיטאָלאָגיע, האָט געוווסט, וואָס עס שילדערנ די דאָזיקע מירמלנע פיגורנ.

דאָס שפירנ די געשיכטע, דאָס וויסנ די פראנצויזישע ביז־רעוואָליוציאָנערע ליטעראטור, דאָס וויסנ די קלאסיק, וועלכע ער האָט אופגענומענ דורכ דער מיטאָלאָגיע, האָט אויסגעכאָוועט פושקינענ אונ האָט באשטימט זײַנע ערשטע לידער.

אזוי איז פושקינ ארײַנגעטראָטנ אינעמ ערשטנ פעריִאָד פונ זײַנ דיכטערישנ לעבנ, אזוי איז ער געוואָרנ א דיכטער פונ דער קלאסישער שול.

די לערער האָבנ געהאלטנ, אז בא פושקינענ איז מער שארפזיניקײַט, איידער טיפזיניקײַט. געלערנט האָט זיכ פושקינ מיטלמעסיק, אָבער אינ 1815 י. אפ איינעמ פונ די עפנטלעכע ליצייִשע עקזאמענס האָט ער געהאט דערפאָלגנ, דורכלייענענדיק פארנ בארימטנ דיכטער פונ יענער צײַט, דערזשאווינענ, א ליד וועגנ צארסקאָיע סעלאָ.

די ליצייִשע יאָרנ זײַנענ געווענ די גליקלעכסטע צײַט אינ פושקינס לעבנ. דאָ האָט ער ליב געקראָגנ די דיכטונג. די פרײַנטשאפט מיט די כאווײרימ פונ ליציי—מיט קירכעלבעקערנ, דעלוויגנ, פושטשינענ—גייט דורכ איבער זײַנ גאנצנ לעבנ.

דעמ 9 טנ יונ 1817 י. האָט פושקינ באקומענ א צײַגעניש וועגנ זײַנ פארענדיקנ דעמ ליציי. אויסער דעמ דאָזיקנ דאָקומענט האָט מענ פושקינענ אינ פארלויפ פונ זײַנ גאנצנ לעבנ קיינ אנדערע ניט ארויסגעגעבנ. אָט אזוי האָט ער זיכ אומגעוואָגלט דעמ גאנצנ לעבנ, באווײַזנדיק אָנשטאָט א פאספאָרט דעמ דיפלאָמ פונ ליציי. מע האָט ניט געוווסט, וואָס מיט אימ צו טאָנ, אימ האָט מענ געגרייט אָדער פאר א טשינאָווניק, אָדער פאר א הויפ־דיכטער. אונ ער איז געוואָרנ א פאָלקס־דיכטער. פאר אזא איז ניט געווענ ניט קיינ אָרט, ניט קיינ פאספאָרט.

״ ״ ״

דרוקנ זיכ אינ זשורנאלנ, ארויסרופנ אנטציקונג מיט זײַנע לידער האָט פושקינ אָנגעהויבנ זייער פרי.

דרײַ ווינטערנ האָט ער פארבראכט אינ פעטערבורג בא שווערע מאטעריעלע באדינגונגענ. די דירע פונ זײַנ פאָטער איז געווענ ווײַט פונ צענטער, לעבנ קאלינקינער בריק. אהינ פלעגט פושקינ לויפנ צופוס אינ די פרעסט, ניט האָבנדיק קיינ האלבנ רובל אפ א פורמאנ, ווי ער דערמאָנט וועגנ דעמ אינ זײַנ בריוו צומ ברודער.

אינ דער צײַט האָט שוינ פושקינ געארבעט איבער זײַנ פאָעמע „רוסלאנ אונ ליודמילא“ אונ פלעגט באזוכנ די ליטערארישע געזעלשאפט „ארזאמאס“.

פושקינס פעטערבורגער לעבנ האָט זיכ פארענדיקט מיט א קאטאסטראָפע. דאָ האָט ער אָנגעשריבנ די אָדע „פרײַהײַט“. מע דערציילט, אז אָט די ליד איז אָנגעשריבנ געוואָרנ אפ דער פאָנטאנקע אינ א הויז, פונוואנענ עס האָט זיכ געזענ דער פאלאצ, וווּ עס איז דערמאָרדעט געוואָרנ דער אימפעראטאָר פאוועל.

Самовластительный злодей
Тебя, твой трон я ненавижу.
Твою погибель, смерть детей
С жестокой радостию вижу.

אפנ מאנוסקריפט פונ דעמ דאָזיקנ געדיכט איז אינ דער שורע אריַינגעשטעלט געוואָרנ דער פראָפיל פונ פאוועל דעמ ערשטנ, אנ אָנגעמאָלטער מיט דער פענ.

די אָדע איז געווענ אינגאנצנ קלאָר געריכטעט קעגנ אלעקסאנדערנ, ווענענ זי האָט געדראָט מיט פאוועלס גורל.

די צארישע מאכט האָט באשלאָסנ פאָטער ווערנ פונ פושקינענ.

געדעכנט האָט מענ פארשיקנ דעמ דיכטער אינ א מאָנאסטירישער טורמע אינ סאָלאָווקי, אָדער קיינ סיביר.

פושקינס פריַינט, אונ צווישנ זיי דער דיכטער זשוקאָווסקי, האָבנ זיך מישטאדל געווענ פאר אימ אונ מע האָט פושקינענ אָפגעשיקט גאנצ גנעדיק אינ רעשוס פונ גענעראל אינזאָוו, דעמ אופזעער פונ די קאָלאָניסטנ פונ דאָרעמ־קאנט. דאָס דערקלערט זיך מיט דעמ, וואָס די רעגירונג האָט זיך געפילט ניט זייער זיכער. יענע גרופע, צו וועלכער עס האָט געהערט פושקינ—די גרופע צוקונפטיקע דעקאבריסטנ—איז געווענ שטארק. פושקינ איז געווענ געשטיצט דורך דער געזעלשאפטלעכער מיינונג, וועלכע האָט שוינ דאנ געזענ אינ אימ א גרויסנ דיכטער.

מיט א קורצער צייַט פארנ ארויסשיקנ אימ איז פארשפרייט געוואָרנ א קלאנג, אז מע האָט פושקינענ בעהיימ אָפגעשמיסנ. דער דאָזיקער מיטל פונ קאמפ קעגנ דיכטער—דער מיטל פונ באריידנ אימ—פלעגט אָנגעווענדעט ווערנ קעגנ פושקינענ ביזנ סאָפ פונ זייַנ לעבנ. פאר פושקינס ווירקונג האָט מענ מוירע געהאט אונ דעריבער האָט מענ אימ געוואָלט דערנידעריקנ.

די פריַינט האָבנ בארויִקט פושקינענ, אונ ער איז אוועקגעפאָרנ אפנ דאָרעמ. אינ יעקאטערינאָסלאוו איז פושקינ קראנק געוואָרנ, עס האָט אימ צוגענומענ צו זיך די פאמיליע פונ גענעראל ראיעווסקי אונ מיט די ראיעווסקיס איז פושקינ געקומענ קיינ קאווקאז.

פונ די קאווקאזער וואסערנ איז ער אוועקגעפאָרנ אינ קרימ אונ באנאכט האָט ער אפנ שיפ אָנגעשריבנ זייַנ גרויסנ געדיכט „עס האָט זיך אויסגעלאָשנ די טאָג־שייַנ". דאָס דאָזיקע געדיכט איז פול מיט טרוימענ וועגנ אנטלויפנ:

Шуми, шуми, послушное ветрило,
Волнуйся подо мной, угрюмый океан.
Лети, корабль, неси меня к пределам дальним
По грозной прихоти обманчивых морей,
Но только не к брегам печальным
Туманной родины моей,
Страны, где пламенем страстей
Впервые чувства разгорались,
Где музы нежные мне тайно улыбались,
Где рано в бурях отцвела
Моя потерянная младость.
Где легкокрылая мне изменила радость
И сердце хладное страданью предала.

פונ קרימ איז פושקינ, נאָכנ באַזוכנ באַכטשיסאַרײַ, אַװעקגעפאָרנ אינ קישיניאָװ. אינ קישיניאָװ האָט ער געלעבט אָרעמ, פלעגט באַזוכנ שענקענ, פלעגט פאַרשרײַבנ מאָלדאַװישע לידער און אינ דערזעלבער צײַט האָט ער דערלערנט די ענגלישע שפּראַך.

ער האָט געקענט אַסאַך און גוט אַרבעטנ.

פושקינ איז געװענ אַרומגערינגלט מיט שפּיאָנענ.

זײַנע פרײַנט האָבנ געװוסט, אַז נאָך פושקינענ שפּירט מענ נאָך און מע פלעגט אימ ניט אַרײַנעמענ אינ פּאָליטישע געזעלשאַפטנ, מוירע האָבנדיק צו געבנ א פּאָדעמ פאַר דער אויסשפּירונג.

אינ דער צײַט האָט פושקינ אָנגעשריבנ אַסאַך לירישע לידער, די פּאָעמע „דער קאװקאַזער געפאַנגענער", האָט צוגעגרײט די „ברידער־גאַזלאָנימ" און „באַכטשיסאַרײַער פאָנטאַנ", האָט אָנגעשריבנ די פּאָעמע „גאַװריליאַדע". ער איז שוינ געװענ באַװוסט דעמ גאַנצנ דעמלסטדיקנ לייענענדיקנ רוסלאַנד, זײַנע לידער זײַנענ געװענ אומעטומ, מע איז געװענ פונ זיי אַנטציקט און מע האָט זיך מיט זיי באַנוצט, װי מיט א מיטל פונ פּראָפּאַגאַנדע.

פונ קישיניאָװ האָט מענ פושקינענ אַװעקגעשיקט קיינ אָדעס. אָדעס איז געװענ א גרויסע שטאָט מיט אַנ איטאַליענישער אָפּערע, מיט א פאַרשיידנ־נאַציאָנאַלער באַפעלקערונג.

דעמ דיכטערס קרײַז פונ באַקאַנטע אינ אָדעס איז געװענ א ברייטער. ער פלעגט באַזוכנ די איטאַליענישע אָפּערע, קומענ אינ די רעסטאָראַנענ, שפּילנ אינ קאָרטנ.

אינ אָדעס האָט זיך פושקינ צונויפגעשטויסנ מיט זײַנ נאַטשאַלניק גראַפ װאָראָנצאָװ, װעגנ װעלכנ ער האָט אָנגעשריבנ אַנ עפּיגראַמע:

Полу-герой, полу-невежда,
К тому ж еще полу-подлец!
Но тут однако ж есть надежда,
Что полный будет наконец.

עס זײַנענ פאַרבליבנ פושקינס בריװ װעגנ װאָראָנצאָװנ:

„איך קענ ניט און איך װיל טאַקע ניט אָנשלאָגנ זיך אַפ פרײַנטשאַפט מיטנ גראַפ װאָראָנצאָװ און נאָך װייניקער אַפ זײַנ אַפּיטראָפּסעס... איך דורשט נאָך איינ זאַך—אומאָפּהענגיקײַט, איך האָפ זי צו דערװערבנ מיט דער הילפ פונ מוטיקײַט און פונ שטענדיקע אָנשטרענגונגענ".

צו אומאָפּהענגיקײַט האָט פושקינ געשטרעבט דערשלאָגנ זיך דורכ ליטעראַרישער אַרבעט. ער איז געװענ איינער פונ די ערשטע שרײַבער־פּראָפעסיאָנאַלנ.

אינ זײַנע לידער באַגעגענענ זיך ערטער, װו ער גיסט אויס זײַנ האַרצ. ער האָט געשריבנ אינ לידער װעגנ דעמ, װעגנ װאָס ער װאָלט זיך קיינמאָל ניט אַנטשלאָסנ צו זאָגנ אינ פּראָזע. אינ „יעװגעני אָניעגינ" איז פאַראַנ אַזאַ אָרט:

Придет ли час моей свободы.
Пора, пора,—взываю к ней,
Брожу над морем, жду погоды,
Маню ветрила кораблей...

. . . . . . . . . . . . . .

Пора покинуть скучный берег
Мне неприязненной стихии,
И средь полуденных зыбей,
Под небом Африки моей
Вздыхать о сумрачной России.

געוויס האָט פושקינ געטרוימט ניט וועגנ אפריקע אונ ניט וועגנ שמועסנ מיט זייַנע אפריקאנישע קרויווים, ער האָט געטרוימט וועגנ אייראָפע, וועגנ די אדריאטישע כוואליעס, וועגנ די לענדער, וועלכע עס האָט באזונגענ בייַראָנ, ער האָט געטראכט וועגנ גריכנ־לאנד, וווּ ס'איז מיט א קורצער צייַט פאר דעמ אויסגעבראָכנ אנ אופשטאנד.

גראפ וואָראָנצאָוו האָט געטראכט וועגנ רויִקייַט פאר זיכ אונ האָט אינ אייַלעניש געשריבנ מעסירעס. ער האָט געשריבנ וועגנ דעמ, אז פושקינס הייפט־כיסאָרנ איז קאָוועד־נייַציקייַט, אז ארומ אונ ארומ איז ער א שוואכער נאָכמאכער פונ בייַראָנענ.

„אויב,—האָט געשריבנ וואָראָנצאָוו,—פושקינ וועט לעבנ אינ אנ אנדער גובערניע, וועט ער געפינענ מער סטימול צו קענטעניש אונ וועט אויסמייַדנ די היגע געפערלעכע געזעלשאפט".

די מעסירע איז אָנגענומענ געוואָרנ מיט באגיטיקונג. פושקינענ איז אויסגעקומענ אָנצושרייַבנ, ווענדנדיק זיכ צומ יאמ:

Моей души предел желанный
Как часто по брегам твоим
Бродил я тихий и туманный,
Заветным умыслом томим!
Не́ удалось навек оставить

. . . . . . . . . . .

Мне скучный, неподвижный брег,
Тебя восторгами поздравить
И по хребтам твоим направить
Мой поэтический побег.
Ты ждал, ты звал... Я был окован;
Вотще рвалась душа моя:
Могучей страстью очарован
У берегов остался я.

דאָס האָט באטייַט אינ פראָזע, אז פושקינ האָט באקומענ א פאראָרדענונג ארויסצו־פאָרנ פונ אָדעס. אפ דער דאָזיקער פאראָרדענונג האָט ער געמוזט פאנאנדערשרייַבנ זיכ אינ פאָלגנדיקעס:

„דער אונטנ־אונטערגעשריבענער פארפליכטעט זיכ דורכ דעמ ארויסצופאָרנ, ניט פארזאַ־מענדיק זיכ, לויטנ מארשרוט פונעמ ה' אדעסער שטאָט־נאטשאלניק, פונ שט. אָדעס צומ בא־

שטימטנ אָרט אינ דער גובערניאַלער שטאָט פּסקאָוו, ניט אָפּשטעלנדיק זיכ אינ ערגעצ ניט אפנ וועג לויטנ אייגנ ווילנ אונ קומענדיק אינ פּסקאָוו, מעלדנ זיכ פּערזענלעכ צום ה' ציווילנ גובערנאַטאָר.

קאָלעזשסקער סעקרעטאר—אלעקסאנדער פּושקינ".

" " "

פּושקינ איז געקומענ צופאָרנ אינ פּסקאָוו אונ דערנאָכ אינ דאָרפ מיכײַלאָווסקאָיע, ווו ער איז איבערגעגעבנ געוואָרנ אונטערנ אויפזיכט פונעם פאָטער.

דאָס דאָרפ מיכײַלאָווסקאָיע האָט זיכ געפונענ אינ פּסקאָווער גובערניע, אינ א העק, לעבנ סוויאטאָגאָרסקער מאָנאסטיר.

א קליינ שטיבל, אנ אלטס אונ אָרעמ־מעבלירט, שטייט איבער אנ אָפּהאנג, אינדערווײַט—אנ אָזערע, ארום אונ ארום וועלדער.

— דער פאָטער איז ניט געווענ צופרידנ מיטנ קומענ פונ זײַנ גערוידעפטנ זונ. מיטנ פאָטער האָט זיכ פּושקינ צעקריגט. סערגיי לוואָוויטש האָט געשריִענ, אז פּושקינ האָט אימ געשלאָגנ, דערנאָכ האָט ער געזאָגט, אז פּושקינ האָט אימ נאָר געוואָלט שלאָגנ. דאָס אלצ האָט געדראָט דעמ דיכטער מיט מאָנאסטיר־טורמע. אָט וואָס פּושקינ האָט געשריבנ צומ פּסקאָווער גובערנאַטער:

„דער הערשער אימפּעראטאָר האָט אלהעכסטנ באוויליקט צו שיקנ מיכ אינעמ גוט פונ מײַנע עלטערנ, מיינענדיק צו פארלײַכטערנ דורכ דעמ זייער צאר אונ דעמ גורל פונעמ זונ. אָבער די וויכטיקע באשולדיקונגענ פונ דער רעגירונג האָבנ שטארק געווירקט אפנ הארצנ פונ מײַנ פאָטער אונ האָבנ צערייצט זײַנ פארדעכטיקײַט, וואָס מע קענ מויכל זײַנ דער עלטער אונ צערטלעכער ליבע זײַנער צו די איבעריקע קינדער. איכ אנטשייד זיכ צוליב זײַנ רויִקײַט אינ צוליב מײַנ אייגענער בעטנ זײַנ אימפּעראטאָרישע מײַעסטעט ער זאָל באוויליקנ אריבערצופירנ מיכ אינ איינער פונ זײַנע פעסטונגענ".

די עלטערנ זײַנענ אוועקגעפאָרנ. אינ פּושקינס פארשיקונג־אָרט איז געוואָרנ שטילער.

די צעפּאסעוועטע, מיט מעזשעס צעשניטענע, בערגלעכ פונ פּסקאָוושטשינע זײַנענ געלעגנ צווישנ וועלדער.

געלאַטעטע זעגלענ פלעגנ שווימענ איבער דער אָזערע, דערמאָנענדיק אָנ יאמ.

ווינטער־צײַט פלעגט אלצ פארווייענ די מעטעליצע.

פּושקינ האָט געלעבט אינ מיכײַלאָווסקער פארשיקונג איינזאמ. מיטגעפיל, זאָרגזאמקײַט אונ רוסישע לידער — דאָס איז אלצ, וואָס! עס האָט אימ געקענט געבנ די אלטע ניאניע ארינע ראָדיאָנאָוונע, זײַנ איינציקער פרײַנט פונ יענער צײַט.

פּושקינ האָט געשריבנ דעמ ברודער אינ אָנהייב נאָיאבער 1824 י.:

„... לידער, לידער, לידער!

דאָס איז שפּײַז פאר דער נעשאָמע. צי ווייסטו מײַנ באשעפטיקונג? ביז מיטיק שרײַב איכ נאָטיצנ, איכ עס מיטיק שפּעט; נאָכ מיטיק פאָר איכ רײַטנדיק, אינאָוונט הער איכ מײַסעס—אונ איכ פארפיל דורכ דעמ די בלויזנ פונ מײַנ פארשאָלטענער דערציִונג. וואָס פארא פראכט עס זײַנענ די דאָזיקע מײַסעס! יעדערע איז א פּאָעמע! אכ, גאָט מײַנער איכ האָב שיר ניט פארגעסנ. אָט האָסטו דיר אנ אויפגאבע: א היסטאָרישע טרוקענע יע־

דיִע וועגנ סטענקא ראזינענ, דער איינציקער פּאָעטישער פּערזאָנ פונ דער רוסישער געשיכטע".

פּושקינ האָט געטרוימט וועגנ אנטלויפנ, ער האָט זיכ דורכגעשריבנ מיט די פרײַנט. אנטלויפנ האָט זיכ ניט אײַנגעגעבנ.

פארנ אופשטאנד פונ די דעקאבריסטנ, האָט זיכ פּושקינ געקליבנ פאָרנ קיינ פּעטערבורג אונ האָט מיט דער אייגענער האנט אָנגעשריבנ פאר זיכ א פּאספּאָרט אפנ נאָמענ פונ א דינער פונ א שכיינעסדיקער גוטבאזיצערנ.

בא די ראנדנ פונעמ דאָקומענט, וועלכנ ער האָט אָנגעשריבנ אפּ שווארצ, האָט ער אויסגעמאָלט זיכ אינ א הוט, דערנאָכ האָט ער איבערגעמאכט די הוט אינ א לאקייִש היטל, ער האָט זיכ געוואָלט דערקונדיקנ, צי איז ער ענלעכ אפּ יענער פּערזאָנ, פאר וועלכער ער האָט זיכ געוואָלט פארשטעלנ.

נאָכ דער יעדיִע וועגנ דעמ דורכפאל פונעמ אופשטאנד האָט פּושקינ פארברענט אסאכ פּאפּירנ, בריוו. ער האָט דערוואַרט, אז מע וועט אימ ארעסטירנ.

פּושקינענ אליינ האָט מענ ניט באשולדיקט אינ באטייליקנ זיכ אינ דער פארשווערונג, אָבער זײַנע לידער האָט מענ געפונענ בא אלע ארעסטירטע.

דעמ 3־טנ סענטיאבער 1826 י. איז פּושקינ ארויסגערופנ געוואָרנ אינ פּסקאָוו אונ פונדאנענ האָט מענ אימ אוועקגעפירט גלײַכ מיט א פעלד־יעגער קיינ מאָסקווע. פּושקינ האָט גערעכנט, אז מע שיקט אימ אָפּ אינ סיביר.

פּושקינענ האָט מענ געפירט האסטיק. אינ מאָסקווע איז ער געקומענ דעמ 8־טנ סענטיאבער אונ איז טייקעפּ ארויסגערופנ געוואָרנ צומ קייסער. אינ דער צײַט האָט ניקאָלײַ געשטרעבט פארקלענערנ די צאָל פּאָליטישע סאָנים, צונויפרײדנ זיכ מיט די לעבנ־געבליבענע.

פּושקינ האָט גערעדט מיטנ קייסער זיכער, בייסנ שמועס האָט ער זיכ אָנגעשפּארט מיט דער פּלייצע אָנ טיש.

ניקאָלײַ האָט צוגעזאָגט פּושקינענ צו זײַנ זײַנ צענזאָר אונ צו באפרײַענ אימ פונ דער געוויינלעכער צענזור.

דעמ דיכטערס פרײַנט האָבנ טריִומפירט.

אינ טעאטער פלעגט דאָס פּובליקומ אופנעמענ פּושקינענ, ווי א זיגער.

אָבער אינגיכנ האָט ער פארשטאנענ די לאגע, אינ וועלכער ער געפינט זיכ.

דער דיכטער האָט געבראכט מיט זיכ די דראמע „באָריס גאָדונאָוו". די דראמע איז איבערגעגעבנ געוואָרנ אפּ דער צענזור פונ צאר, אָבער דער צאר האָט זי איבערגעגעבנ אפּ דער צענזור, ווי עס איז איצט אויסגעקלאָרט געוואָרנ, פּושקינס א סוינע—פונעמ זשורנאליסט אונ מיטארבעטער פונ דער דריטער אָפּטיילונג פאדיי בולגארינ.

פאדיי בולגארינ האָט צונויפגעשטעלט א באריכט וועגנ דער פּיעסע אונ אפנ גרונט פונעמ דאָזיקנ באריכט האָט ניקאָלײַ פּאָרגעלייגט איבערמאכנ די פּיעסע אינ א ראָמאנ. פיר יאָר האָט פּושקינ דערנאָכ געקעמפט פאר דאָס רעכט אָפּצודרוקנ זײַנ ווערק.

די יאָרנ 1826־1827 האָט פּושקינ פארבראכט אינ מאָסקווע. זײַנע לידער (סטאנסנ), וואָס הייבנ זיכ אָנ מיט די ווערטער „מיט דער האָפענונג אפּ רומ אונ גוטס קוק איכ פאָרויס אָנ מוירע", זײַנענ, ווי זיי זאָלנ אנטהאלטנ אינ זיכ באדינגונגענ פונ אנ אָפּמאכ

מיט דער רעגירונג. איינציקסיק האָט פּושקין אָנגעשריבן א בריוו אין פערזן צו די דע־קאבריסטן:

Во глубине сибирских руд
Храните гордое терпенье,
Не пропадет ваш скорбный труд
И дум высокое стремленье.

. . . . . . . .

Оковы тяжкие падут,
Темницы рухнут, и свобода,
Вас примет радостно у входа,
И братья меч вам отдадут.

אין 1827 י. איז פּושקינען דערלויבט געוואָרן אומקערן זיך קיין פּעטערבורג. פּעטערבורג איז פּוסט געוואָרן. פּושקינס פריינט זיינען געווען אַפּ קאַטאָרגע. פּושקין איז אוועקגעפאָרן אין דאָרף מיכײַלאָווסקאָיע און דאָרטן האָט ער אונטערן איינדרוק פון וואלטער סקאָטס ביכער אָנגעהויבן שרייבן א היסטאָרישן ראָמאַן, וואָס איז געבליבן ניט פארענדיקט. ווינטערצייט האָט ער זיך אומגעקערט אין דער הויפּטשטאָט.

ס'האָט זיך ארויסגעוויזן, אז די לאגע איז אסאך ערגער, ווי דער דיכטער האָט געמיינט. ער האָט באקומען אויסריידן פונעם צאר דורך בענקענדאָרפן [1]. פּושקין האָט זיך מישטאדל געווען וועגן פאָרן קיין אויסלאנד, ער האָט געבעטן א דערלויבעניש פאָרן אין כינע און מע האָט אים אָפּגעזאָגט.

נאָכאמאָל האָט פּושקין געפּרווּוט ארויסרייסן זיך פון דער געפענקעניש. אָן א דערלויבעניש איז ער אוועקגעפאָרן אין דער אָפּעראטיווער ארמיי, אפן טערקישן פראָנט. אפן וועג האָט ער באגעגנט דעם קערפּער פון גריבאָיעדאָוון, וועלכער איז דערמאָרדעט געוואָרן אין טעגעראן בײַס אן אויפשטאנד.

אין א בלויער פעלערינע, אָן געווער פלעגט פּושקין ארומפאָרן איבער די פאָדערשטע פּאָזיציעס. עפּשער האָט ער געזוכט אפן פראָנט א מעגלעכקייט אריבערצוגיין די גרע־נעצ...

„ " "

דער הײמלאָזער פּושקין האָט אויסגעזען צו זײַן געפערלעך פאר דער רעגירונג. א מענטש האָט געמוזט דינען און האָבן א פאמיליע.

אין איינעם פון די בריוו האָט פּושקין געשריבן:

„איך האָב כאסענע, דאָס הייסט, איך אָפּפער מיט מײַן אומאָפּהענגיקייט, מיט מײַן זאָרגלאָזער, קאפּריזפולער אומאָפּהענגיקייט, מיטן אומוואנדערן אָן א ציל,—מיטן אליין זײַן און ניט געשטעלטקייט".

נאָך עטלעכע ניט אנטשלאָסענע ליבע־פאסירונגען האָט פּושקין געמאכט א פאָרשלאג נאטאליע גאָנטשאראָווען, זייער א שיין מיידל פון א צערויִנירטער פאמיליע.

---

[1]) בענקענדאָרף א. כ. (1783—1844)—דער שעף פון די זשאנדארמען און דער נאטשאלניק פון דער דריטער אָפּטיילונג. אים האָט ניקאָלײַ דער ערשטער איבערגעגעבן די צענזור איבער פּושקינס ווערק און דעם אויפזיכט איבערן דיכטער.

ער האָט באקומענ א האסקאָמע און שוינ נאָכנ קנאסמאָל האָט ער אָנגעשריבנ דער קאלעס מוטער א בריוו, ווו ער האָט פאָרויסגעזאָגט זײַנ צוקונפט:

„אויב זי וועט מאסקימ זײַנ אָפּגעבנ מיר איר האנט, וועל איך דערזענ אינ דעמ בלויז א באווײַז פונ דער רויִקער גלײַכגילטיקײַט פונ איר הארצנ. אָבער זײַנענדיק ארומגערינגלט מיט אנטציקונג, פארערונג, פארפירונגענ, צי וועט די דאָזיקע רויִקײַט אינ איר דויערנ אויכ אפ ווײַטער? מע וועט איר זאָגנ, אז בלויז דער אומגליקלעכער מאזל האָט איר געשטערט שאפנ אנדערע פארבינדונגענ מער גלײַכע, מער גלענצנדיקע, וואָס פאסנ בעסער פאר איר... און צי וועט זי ניט דערפילנ אנ עקל צו מיר?

זײַנ געצווונגענ צו שטארבנ, קעדיי צו איבערלאָזנ זי אנ אלמאָנע, א גלאנצפולע און פרײַע אויסצוקלײַבנ א נײַעמ מאנ—דער דאָזיקער געדאנק איז א גענעמ".

דאָס כאסענע האָבנ האָט פארגרעסערט די הויצאָעס. ער האָט אָנגעהויבנ שנעל ארײַנצוקריכנ אינ כויוועס. דאָ האָט אימ געטראָפנ נאָכ אנ אומגליק. פושקינ האָט פארלאָרנ די פּאָפּולערקײַט, כאָטש ער האָט קיינמאָל ניט געשריבנ בעסער, ווי אינ די דאָזיקע יאָרנ. וועגנ דעמ דערציילט גוט בעלינסקי:

„אינ יענער צײַט, ווענ ער אליינ האָט שוינ אָנ ראכמאָנעס געלאכט פונ זײַנע ערשטע פּאָעמעס, האָבנ נאָכ זײַנע גוטמוטיקע פארערער געכאָלעמט וועגנ ג ע פ א נ ג ע נ ע מ, וועגנ דער ט ש ע ר ק ע ס נ, וועגנ ז א ר ע מ ע נ, מ א ר י ע נ, ג י ר ײ ע נ, וועגנ די ב ר יד ע ר־ג א ז ל אָ נ י מ און בלויז צוליב עפּעס א שעמעוודיקײַט פלעגנ זיי לויבנ די „ציגײַנער", אָדער מוירע האָבנדיק צו קאָמפּראָמעטירנ זיכ, אלס געבילדעטע ריכטער פונ שיינקײַט, אָדער קינדעריש אנטציקט ווערנדיק פונ זעמפירעס ליד און פונ דער סצענע פונעמ מאָרד. א בעפיירעשער סימענ, אז פושקינ האָט שוינ אויפגעהערט צו זײַנ דער אויסדריקער פונ דער מאָראלישער געשטימטקײַט פונ דער זײַנצײַטיקער געזעלשאפט און אז פונ איצט אָנ איז ער שוינ געוואָרנ א דערציִער פונ די קומענדיקע דורעס. אָבער דורעס קומענ אופ און ווערנ אויסגעבילדעט ניט דורכ טעג, נאָר דורכ יאָרנ, און דעריבער איז פושקינענ ניט באשערט געווענ צו דערווארטנ זיכ אפ די דורעס, וואָס זײַנענ דערצויגנ געוואָרנ דורכ זײַנ גײַסט—אפ זײַנעווירקלעכע ריכטער".

אזוינע ווערק, ווי „פּאָלטאווא", די לעצטע און די בעסטע צוויי קאפּיטלענ פונ „אָניעגינ", די טראגעדיע „באָריס גאָדונאָוו" זײַנענ אויפגענומענ געוואָרנ דורכנ פובליקומ קאלט און פונ אייניקע זשורנאליסטנ מיט א באליידיקנדיקער אומבאוויליקונג.

אינ די טעאטערנ פלעגט מענ אינ די וואָדעווילנ זינגענ קופּלעטנ וועגנ פושקינענ:

„און פושקינ איז אונדז לאנגווײַליק,
און פושקינ איז דערעסנ,
און דאָס ליד זײַנס קלינגט ניט,
און דער געני איז אָפּגעקילט".

אָבער גראָד אינ יענעמ פעריִאָד האָט פושקינס געני זיכ צעבליט. ער איז געוואָרנ א קינסטלער—א רעאליסט, דאָס האָט פארשטאנענ גאָגאָל, דאָס האָט פארשטאנענ בעלינסקי.

פושקינ האָט דערזענ די ווירקלעכקײַט אזוי, ווי די מיטצײַטלער האָבנ זי ניט געזענ. מע האָט אימ געוואָלט מאכנ פאר א היסטאָריאָגראפ פונ צארישנ רוסלאנד און ער האָט אָנגעהויבנ שרײַבנ „די געשיכטע פונ דאָרפ גאָריוכינאָ", וואָס האָט אינ אסאכ זאכנ

פאָרויסגעגעבן די סאטירישע „געשיכטע פון דער שטאָט גלופאָוו“, וועלכע עס האָט שפעטער אָנגעשריבן סאלטיקאָוו.

... עס זײַנען געוואקסן די כויוועס. אפ די כעזשבוינעס פלעגן זיך באווײַזן אופשריפטן, אז עס איז אײַנגעצאָלט געוואָרן 25 רובל, אזא און אזא דאטע וועט אײַנגעצאָלט ווערן אזויפיל און אזויפיל און ווידער אופשריפטן.

די כויוועס זײַנען געוואָקסן.

פושקין האָט געווינט אפ דער מאָיקע, פארבײַ פלעגט אומפאָרן ניקאָלײַ דער ערשטער, וואָס איז געווען פארליבט אין נאטאלי פושקינא.

קעדיי נאטאלי פושקינא זאָל טאנצן אפ די הויף־בעלער, האָט מען פושקינען געגעבן א הויף־אמט פון א קאמער־יונקער.

ער האָט געמוזט באגלייטן זײַן פרוי אפ די בעלער. ער האָט געמוזט לײַען געלט בא דער רעגירונג און זיך איבערצײַגן אין דעם, אז פאראכטונג איז ערגער פון אומגנאָד. די רעגירונג האָט געשטרעבט דיסקרעדיטירן דעם דיכטער.

מיט א קורצער צײַט פארן טויט האָט פושקין אָנגעהויבן ארויסגעבן אן אייגענעם זשורנאל. ער האָט ווידער געוואָלט דערשלאָגן זיך אומאָפהענגיקײַט. אָבער דער זשורנאל איז ניט געגאנגען.

אין 1833 י. האָט פושקין צונויפגעזאמלט מאטעריאל פאר דער געשיכטע פון פוגאטשאָווס בונט. איינצײַטיק ווערט געשריבן „דובראָווסקי“. אין „דובראָווסקי“ ווערט באשריבן דער גורל פון א יונגן אדעליקן, וואָס איז געוואָרן א רויבער. ניט פארענדיקנדיק „דובראָווסקי“ און אינטערעסירנדיק זיך ווײַטער מיט דער געשיכטע פון פוגאטשאָווער בונט, הייבט אָן פושקין צו שרײַבן „דעם קאפיטאנס טאָכטער“. לויט דער ערשטער פארטראכטונג האָט דער העלד געדארפט זײַן ניט גריניאָוו, נאָר שוואנוויטש—אן אדעליקער, וועלכער האָט זיך אָנגעשלאָסן אָן פוגאטשאָוון. שפעטער איז שוואנוויטש צעצווייט געוואָרן אפ גריניאָוון און שוואברינען, אָבער אויך גריניאָוו אין „דעם קאפיטאנס טאָכטער“ באציט זיך מיט סימפאטיע צו פוגאטשאָוון.

מע דארף ניט מיינען, אז פושקין איז געווען אפן צאד פון די פוגאטשאָווצעס. אָבער זײַן ווּקס אלס קינסטלער־רעאליסט האָט פאר אים אופגעדעקט די גערעכטקײַט פונעם אופשטאנד. אין דער זעלבער צײַט האָט ער מוירע געהאט פאר אים.

קעדיי צו זאמלען מאטעריאלן וועגן פוגאטשאָווס אופשטאנד, איז פושקין אוועקגעפאָרן ווינטערצײַט אין די אָרענבורגער סטעפעס.

פושקין פלעגט פארשרײַבן דערציילונגען פון קאזאקן וועגן דעם אופשטאנד. אסאך פון זיי האָט ער ארײַנגעפירט אינעם טעקסט פון בוך. אָט איז איינער פון די עפיזאָדן.

„אין אזיאָרנע פלעגט די אלטע קאזאטשקע (ראזינא) אלע טאָג אומבלאָנקען איבערן יאַיק, צושארן צום ברעג מיט א שטעקן די אומשווימענדיקע טויטע קערפערס, ריידנדיק דערבײַ: צי ביסטו ניט מײַן קינד, צי ביסטו ניט מײַן סטיאָפושקא? צי ניט דײַנע שווארצע קרויזן וואשט דאָס פרישע וואסער? און דערזעענדיק אן אומבאקאנט פאָנעם, שטויסט זי אָפ שטיל דעם קערפער“.

בא די ראנדן פון מאנוסקריפט האָט ניקאָלײַ דער ערשטער אָנגעשריבן מיט דער אייגענער האנט: „בעסער ארויסלאָזן, ווײַל ס'איז ניטאָ קיין פארבינדונג מיטן איניען“.

פושקין האָט אין דער דאָזיקער פארנאָטירונג פאררייניקט די דערינערונגען וועגן ראזינען מיט פוגאטשאָווס געשיכטע.

„ ״ „

פושקינס פאמיליע־איניאָנים זײַנענ אינ דער דאָזיקער צײַט זייער פארקאָמפליצירט געוואָרנ.

נאָכ פושקינס פרוי האָט זיכ נאָכגעשלעפט דער פראנצויזישער ווײַסגווארדייער דאנטעס, א מענטש, וואָס איז אנטלאָפנ פונ דער פראנצויזישער רעוואָליוציע פונ 1830 י. דער יונגער קאוואליערגארד דאנטעס איז געווענ אויסערלעכ שיינ אונ האָט געוואָלט מאכנ א קאריערע. דער האָלענדישער אמבאסאדאָר באראָנ העקערנ האָט צוגענומענ פאר א זונ דעמ שיינעמ פראנצויז.

פושקינ האָט געלעבט זייער ניט רויִק. די אופירונג פונ העקערנ־דאנטעסנ האָט געגעבנ א גרונט צו אייפערזיכטיקײַט.

פושקינ האָט ארויסגערופנ אפ א דועל העקערנ־דאנטעסנ, אָבער יענער האָט,—קעדייִ ארויספלאָנטערנ זיכ,—געמאָלדנ, אז ער סימפאטיזירט ניט פושקינס פרוי, נאָר איר שוועסטער. די כאסענע פונ העקערנ־דאנטעסנ מיט פושקינס קרוווע איז פאָרגעקומענ. איצט האָט דער יונגער קאוואליערגארד געקענט זיכ באגעגענענ מיט נאטאליע ניקאלײַעוונען, ווי א קאָרעווו.

די קלאנגענ וועגנ דעמ, אז די פרוי נארט אָפ דעמ דיכטער, האָבנ דיסקרעדיטירט פושקינענ אינ דער מיינונג פונ דער דעמלסטדיקער געזעלשאפט פונקט אזוי, ווי מע האָט אימ אמאָל געוואָלט באשמוצנ מיטנ קלאנג וועגנ לײַב־שטראָף.

פושקינ האָט געדורשט ענדערנ זײַנ לעבנ אומ וואָס עס זאָל ניט גיינ.

דאָס לעבנ איז געווענ אומדערטרעגלעכ, אומדערטרעגלעכ איז געווענ דער קאמער־יונקערישער מונדיר, וועלכנ מע האָט אימ געצוווּנגענ צו טראָגנ אונ וועלכער האָט אויכ, קענטיק, געמוזט מאכנ לעכערלעכ דעמ שוינ ניט יונגנ דיכטער.

ער האָט געוואָלט אוועקגיינ אינ דעמיסיע, ער האָט געבעטנ אורלויב, ער האָט געטרוימט באזעצנ זיכ אינ מיכײַלאָווסקאָיע, נעמענ אהינ מיט זיכ ביכער.

דער צאר האָט ניט אָפּגעלאָזנ.

פונ די פאלאצ־קרײַזנ פלעגנ זיכ פאנאנדערקריכנ איבער גאנצ פעטערבורג שמוציקע רעכילעס וועגנ פושקינענ אונ וועגנ זײַנ פרוי.

אינ נאָיאבער 1836 י. האָט פושקינ באקומענ א בריוו, וואָס האָט אימ ארײַנגערעכנט אינעמ „אָרדענ פונ די האָרנ־טרעגער״ („האָרנ־טרעגער״ פלעגט מענ רופנ די אָפּגענארטע מענער).

לויט די באגריפנ פונ יענער צײַט האָט פושקינ ניט געקאָנט בלײַבנ גלײַכגילטיק צו אזא באליידיקונג. ער אליינ האָט איבערגעלעבט די דאָזיקע געשיכטע פײַנפול.

עס איז געווענ א גרונט צו טראכטנ, אז דעמ בריוו האָט געשיקט באראָנ העקערנ, אונ פושקינ האָט אימ געענטפערט מיט א שארפנ בריוו. דאנטעס האָט ארויסגערופנ פושקינענ אפ א דועל, ווײַל דער באראָנ אליינ איז געווענ אלט אונ האָט זיכ ניט געקאָנט שלאָגנ.

ס'איז געקומענ דער טאָג פונעמ דועל.

דעמ דיכטערס סעקונדאנט איז געווענ זײַנ אלטער פרײַנט לויטנ ליציי, פאָלקאָווניק דאנזאס.

געשאָסנ האָט מענ זיכ באמ טײַכל „טשאָרנאיא” אינ א קלײנ וועלדל. אָנשטאָט באר־יערנ האָט מענ אוועקגעלײגט שינעלנ. אָט וויאַזוי דאנזאס באשרײַבט דעמ דועל:

„אנ אָרט האָט מענ אויסגעקליבנ, אָבער דער טיפער שניי האָט געשטערט די קעגנער, אונ די סעקונדאנטנ האָבנ געמוזט אויסטרעטנ א וועגעלע... בײדע סעקונדאנטנ אונ הע־קערנ האָבנ זיכ פארנומענ מיט דער דאָזיקער ארבעט. פושקינ האָט זיכ געזעצט אפ א הורבע שניי אונ האָט געקוקט אפ דער פאטאלער צוגרײטונג אינגאנצנ א גלײַכגילטיקער. ענדלעכ איז אויסגעטראָטנ געוואָרנ א וועגל אנ ארשינ די ברײט אונ 20 טריט די לענג...”

ווײַטער דערצײלט דאנטעס־העקערנס סעקונדאנט גראפ ד׳ארשיאק:

„...פאָלקאָווניק דאנזאס האָט געגעבנ א סיגנאל. פושקינ איז געווענ לעבנ זײַנ באריער, ווענ באראָנ העקערנ האָט געמאכט פיר טריט פונ די פינפ, וואָס זײַנענ אימ פארבליבנ ביז זײַנ אָרט. בײדע קעגנער האָבנ זיכ צוגעגרײט צומ שיסנ; אינ עטלעכע סעקונדעס ארומ האָט זיכ דערהערט א שאָס. ה׳ פושקינ איז געפאלנ אפנ שינעל, וואָס האָט געדינט פאר א באריער אונ איז געבליבנ אומבאוועגלעכ מיטנ פּאָנעמ צו דער ערד. די סעקונ־דאנטנ זײַנענ צוגעגאנגענ נעענטער, ער האָט זיכ אופגעהויבנ ביז העלפט אונ האָט געזאָגט: „ווארט צו”; דאָס געווער, וואָס ער האָט געהאט אינ האנט, איז געווענ באדעקט מיט שניי. ער האָט גענומענ אנ אנדערס...”

פושקינ האָט זיכ געצילט אינ דאנטעסנ האלב־ליגנדיק. די קויל האָט דורכגעשאָסנ דאנטעסנ די האנט. פושקינ האָט געזענ, ווי דאנטעס פאלט. ער האָט א געשריי געטאָנ: בראוואָ!”—אונ איז ווידער געפאלנ.

„...אינ שליטנ, א שטארק צעטרײסלטער בײַסנ פאָרנ איבערנ זײער שלעכטנ וועג, האָט ער געליטנ, ניט קלאָגנדיק זיכ” (ד׳ארשיאק).

” „ ”

דער גויסעס האָט צונויפגעשטעלט א רײסטער פונ זײַנע כויוועס. ער האָט זיכ אלצ באומרויִקט וועגנ זײַנ פרוי:

„די מענטשנ וועלנ זי אופעסנ, מײנענדיק, אז זי איז געווענ אינ די דאָזיקע מינוטנ גלײַכגילטיק”. ער האָט איר איבערגעגעבנ די ביטע צו טראָגנ טרויער־קלײדער נאָכ אימ 2 אָדער 3 יאָר.

דער צאר האָט באפוילנ איבערצוגעבנ דעמ שטארבנדיקנ, אז ער וועט זיכ זאָרגנ וועגנ דער פאמיליע אונ וועגנ די קינדער, אויב דער דיכטער וועט שטארבנ, ווי א קריסט. פושקינענ האָט מענ געשטעלט די לעצטע אולטימאטומס.

די גאס באמ טײַכ־ברעג איז געווענ פארפלײצט מיט א האמוינ אנ אומגעוויינלעכנ פאר פעטערבורג. עס האָבנ פרעוואלירט באשײדנ־אָנגעטאָנענע מענטשנ, עס זײַנענ געווענ אפילע מענטשנ אינ שאָפּנ־פעלצנ... בא די טירנ פונ הויז איז געשטאנענ א מיליטערישע וואכ, וועלכע האָט ניט צוגעלאָזנ קײנ זײַטיקע.

„אהער קענענ דורכגײנ בלויז פושקינס פרײַנט”,—האָט געזאָגט דער שווײצאר. אײנער אנ אָרעמ־געקלײדטער מענטש האָט געענטפערט:

„גאנצ רוסלאנד איז פושקינס פרײַנט”.

דעמ 29־טנ יאנואר 1837 י., 2 אזײגער מיט 45 מינוט באטאָג איז פושקינ אויסגע־גאנגענ.

פושקינס טויט איז פאָרגעקומענ בא רעטענישפולע אומשטענדנ.

בא זײַן בעט איז געווען דער לײַב־מעדיקער, װעלכן עס האָט צוגעשיקט דער צאַר. מע דאַרף זאָגן, אַז מע האָט אים געגעבן צוויי קעגנווירקנדיקע רעפועס: אָפּיום, וואָס פאַרשטײַפּט דעם מאָגן און שוואַכט אָפּ די פּעריסטאַלטישע באַוועגונג פון די קישקעס און ריצנ־אייל אָפּ אָפּשוואַכן.

נאָך פּושקינס טויט האָט ניקאָלײַ דער ערשטער אָנגעשריבן זײַן שוועסטער אַנאַ פּאַוולאָוונאַ א בריוו:

„זײַ אַזוי גוט, זאָג ווילהעלמען, אַז איך האַלדז אים און די טעג שרײַב איך אים אָן, איך דאַרף אים אַסאַך איבערגעבן וועגן איינער א טראַגישער געשעעניש, וואָס האָט גע־מאַכט א סאָף צום לעבן פון זייער באַוווסטן פּושקינען, א דיכטער, אָבער דאָס דולדעט ניט די נײַגעריקײַט פון דער פּאָסט".

וועגן דעם דיכטערס טויט האָט דער קייסער געוווּסט געהיימניסן, וועלכע ער האָט ניט אָנגעטרויט דער פּאָסט.

פּושקינס דירע איז געווען געפּאַקט מיט מענטשן, וואָס זײַנען געגאַנגען צו זייער דיכטער.

די העכערע קרײַזן זײַנען געווען אַפן צאַד פון פּושקינס מערדער. זיי האָבן געליבט זייער העלד, בא וועלכן עס זײַנען געווען דרײַ פאָטערלאַנדן: פראַנקרײַך—לויטן געבורט, האָלאַנד—לויטן פרעמדן פאָטער, רוסלאַנד—לויטן דינסט־אָרט.

איינער א דאָקטער, א פאָליאַק, האָט געשריבן צו זיך אינעם היימלאַנד:

„די גאַנצע באַפעלקערונג פון פּעטערבורג, באַזונדערס דער פעבס און דער פּראָס־טער האַמוין, אַן אויפגערעגטע, ווי אין קאָנוואָלסיעס, דורשט לײַדנשאַפטלעך אָפּצורעכע־נען זיך מיט דאַנטעסן. קיינער, פון קליין ביז גרויס, האָט ניט געוואָלט מאַסקים זײַן, אַז דאַנטעס איז ניט געווען קיין מערדער. מע האָט זיך געוואָלט אָפּרעכענען אפילע מיט די כירורגן, וואָס האָבן געהיילט פּושקינען, אופווײַזנדיק, אַז דאָ איז א פאַרשווערונג און א פּאַראַט, אַז איינע אויסלענדער האָט פאַרוווּנדעט פּושקינען און אַנדערע אויסלענדער האָט מען אָנגעטרויט צו היילן אים".

די מאַכט־אָרגאַנען זײַנען געווען צעטראָגן פון דער דאָזיקער, פאַר יענער צײַט אומגעווײנלעכער, אַנטפּלעקונג פון דער געזעלשאַפטלעכער מיינונג.

ס'איז געמאָלדן געוואָרן, אַז די פּאַניכידע וועט פאָרקומען אין איסאַקיִעווער קלויס־טער, אָבער דעם קערפּער האָט מען באַנאַכט געבראַכט צו פירן אין אַן אַנדער קלויס־טער.

דעם 3־טן פעוראַל האַלבע נאַכט איז אין קלויסטער געקומען א זשאַנדאַרם־פּאָלקאָוו־ניק. דעם קערפּער האָט מען אײַנגעוויקלט אין א קאַסטן און אַוועקגעשטעלט אָפּ א וואָגן.

די פרוי פון צענזאָר ניקיטענקאָ, אומקערנדיק זיך פון מאָלעוו, האָט אָפּ איינער א סטאַנציע, ניט ווײַט פון פּעטערבורג, דערזען א פאָשעטן וואָגן, אַפן וואָגן שטרוי, אונ־טער די שטרוי א טרונע אַרומגעוויקלט מיט א ראָגאָזשע. דרײַ זשאַנדאַרמען האָבן זיך געאײַסיקט אַפן הויף, האָבן געפּאָדערט מע זאָל וואָס גיכער איבערשפּאַנען די קורי־ער־פערד און יאָגן ווײַטער מיט דער טרונע.

„וואָס איז עס אַזוינס?"—האָט זי געפרעגט בא איינעם פון די פויערים, וואָס זײַנען דאָרט געווען.

„גאָט ווייס וואָס דאָס איז! זעסטו, עפּעס א פּושקין איז געהאַרגעט געוואָרן—יאָגט מען מיט אים אָפּ קורי־ער־פערד אין א ראָגאָזשע, אין שטרוי, גאָט באַהיט, ווי א הונט!"

פושקינס קערפּער האָט מען געבראַכט צו פירן אפן אָרט פון זײַן אַלטער פאַרשיקונג, אין מיכײַלאָווסקאָיע און מע האָט אים דאָרט מעקאַבער געווען אין סוויאַטאָגאָרסקער מאָנאַסטיר.

אַף דער ביטע נאָכאַמאָל אַרויסצוגעבן פושקינס ווערק האָט דער זשאַנדאַרם־דובעלט אָנגעשריבן: „ווער דאַרף עס?"

אַרטיקלען וועגן פושקינען זײַנען געווען פאַרווערט.

ערשט אין אַ יאָר אַרום האָט זיך אין „סאָווּרעמעניק" באַוויזן אַן אַנאָנימער אַר־טיקל „ליטעראַרישע פאַרלוסטן". דאָרט איז דערמאָנט געוואָרן וועגן דעם טויט פון דמיטריעוון, וועגן דעם לאַנג־געשעענעם טויט פון קאַראַמזינען און צום סאָף ׳איז גערעדט געוואָרן וועגן דעם מענטשן, וואָס „וואָלט געקענט באַרעכטיקן די האָפענונגען, וועלכע דאָס לאַנד האָט אַף אים אַרופגעלייגט" און ס׳איז מיטגעטיילט געוואָרן אַז אַפן קרייץ איבערן קיי־ווער פון דעם דאָזיקן מענטשן איז אָנגעשריבן דער נאָמען „פושקין".

* * *

אַ גרויסער שרײַבער טראָגט אָפט אין זיך די ווידערשפּרוכן פון זײַן צײַט. ער ווערט ניט נאָר געבוירן דורך דער עפּאָכע, נאָר ער יאָגט זי אײַנצײַטיק איבער, שאַפנדיק פּאָרבאַדינגען צום פאַרבײַטן דאָס אַלטע אַף נײַע.

אַ גרויסער שרײַבער פון דער פאַרגאַנגענהײַט פלעגט זייער אָפט ניט אָנערקענט ווערן און זײַן אומגליקלעך.

דאָס געשטאַלט פון אַ ניט פאַרשטאַנענעם נאָווי און ניט אָנערקענטן געני איז דאָס געווײנלעכע געשטאַלט פון 18־טן און 19־טן יאָרהונדערט.

אַ שרײַבער ווערט געשאַפן דורך זײַן צײַט. אָבער ער לעבט זי איבער, פאַרמאָגנ־דיק אין זיך עלעמענטן פון דער צוקונפט.

אינעם גורל פון גרויסע שרײַבער איז וויכטיק ניט דאָס, וואָס עס פלעגט זיי פאַ־רייניקן מיט זייערע קרויווים און שוועסטערקינדער, נאָר דאָס, וואָס עס דערנעענטערט זיי מיט אונדז.

שוין די מענטשן פון זײַן צײַט האָבן געזען אין פושקינס בונטאַרישן לעבן, אין זײַן קאַמף פאַר פרייד, אין זײַן פולווערטיקײַט שטריכן פון צוקונפטיקן מענטשן.

נ. וו. גאָגאָל האָט געשריבן אין 1832 י.

„באַם דערמאָנען פושקינס נאָמען שווימט אויף גלײַך דער געדאַנק וועגן אַ רוסישן נאַציאָנאַלן דיכטער. אינדערעמעסן, קיינער פון אונדזערע דיכטער איז ניט העכער פון אים און קען ניט אָנגערופן ווערן נאַציאָנאַלער; דאָס דאָזיקע רעכט געהערט בעפּײַרעש צו אים. אין אים איז, ווי אין אַ לעקסיקאָן, געווען אײַנגעשלאָסן די גאַנצע רײַכקײַט, קראַפט און בויגעוודיקײַט פון אונדזער שפּראַך. ער האָט מער פון אַלעמען, ער האָט ווײַטער פון אַלעמען פאַנאַנדערגערוקט פאַר איר די גרענעצן און מערער באַוויזן איר גאַנצן רוים. פושקין איז אַן אויסשליסלעכע דערשײַנונג און עפּשער די איינציקע דער־שײַנונג פונעם רוסישן גײַסט: דאָס איז אַ רוסישער מענטש אין זײַן ענדע אַנטוויקלונג צו וועלכער ער וועט, קען זײַן, קומען אין 200 יאָר אַרום..."

ניט אין צוויהונדערט, אין הונדערט יאָר אַרום איז געקומען דער נײַער מענטש, וועלכער האָט דערפילט פושקינען ווי זײַנעם אַ מיטצײַטלער.

פושקין איז צו אונדז דערנעענטערט געוואָרן דורך דער רעוואָליוציע.

## ז. אקסעלראָד

פושקינען

* * *

שיט א שניי אפ אלע וועגן,
יאָגט דאָס פערד אונדז אין גאלאָפּ,
פושקין פליט ארויס אנטקעגן
מיט זײַן שטראלנדיקן קאָפּ.

ס'האָט זײַן נאָמען דורכגעלויכטן
אפ דער גאָרער ווינטער ערד,
פון דער נידער ביז די הויכן
ווערט זײַן ליד אצינד געהערט.

קלינגט זײַן וואָרט און אלע הערן,
ס'גאנצע לאנד פון קליין ביז גרויס
און עס זינגען מיט די שטערן,
פונעם דיכטערישן ברויז.

שיטן שנייען, דרייען שנייען
ווער האָט אים דעם וועג פארשטעלט?
יענע פינצטערע ראסייע
איז אוועק שוין פון דער וועלט.

ס'איז דאָס הארץ פון דיכטער אָפן,
ס'איז דאָס הארץ פון דיכטער קלאָר,
ס'האָט דער דיכטער דאָך געטראָפן
ער איז העכער פון זײַן דאָר.

און דערפאר איז ער געפאלן
פון א ווילדער פרעמדער קויל
און די קאלטע ווינטער־שטראלן
האָבן אָנגערירט זײַן מויל.

און די הענט זיי נעמען פרירן
און עס הערט זיך א געבעט.
צוויי זשאנדארמען, זעט מען, פירן
אונדזער טײַערן פּאָעט.

ס'ליגט זײַן קערפּער אפ א־וואָגן
ס'ליגט זײַן קערפּער צוגעדעקט.
ס'זאָל קיין קלאנג זיך ניט צעטראָגן
און אין פאָלק נאָר ניט אוועק.

הונדערט יאָר איז אזוי ווינציק,
הונדערט יאָר איז אזויפיל,
ס'האָט זײַן ליד געדינט אונדז גינציק
מיט איר וואָרט און איר געפיל.

טראָגט דאָס לעבן אונדז דורך פײַער,
יאָגט די ערד אונדז אין גאלאָפּ
וואָס איז עכט—בלײַבט אייביק טײַער!
וואָס איז פאלש—פאלט שטענדיק אָפּ.

יאנוואר 1937

**מ. גרוביאַן** פּושקינען

* * *

דיך נעמט די אייביקייַט ארום און דריקט דיך צו צום הארצן,
פֿאָר אריבער, פֿאָר, אין יאָרהונדערט אין צוייטן, —
מיר האָט אַ כאָלעם אזא זעלטענער הײַנט געדאכט זיך
און כ׳בין אין גאַס ארויסגעלאָפֿן דיר קיפּן קווייטן.

פֿארן אָפּפֿאָר ביסטו עפּעס אומגעווייִנלעך אַ צעשטראַלטער —
איך באמערק עס אין די שײַנענדיקע בליקן.
די נעשאָמע ארויסגעלאָזט האָט שוין דײַן צענזור דער אַלטער
און פֿון „פּיאַטערס שטאָט" וועט דיך קיינער ניט פֿארשיקן.

ניטאָ פֿיגליארין *), וואָס האָט צו רו ניט געלאָזט דײַן זיידן אניבאלן,
דער ביזאָיען פֿאַר דײַן ייִכעס איז אנטרונען פֿון דײַן היים דער רויטער.
ברוינע, שווארצע, ווײַסע, מיט קעפּ מיט זוניקע דאָ גייען אַלע,
און אין היטלער־לאַנד — פֿאר ייִכעס צום געריכט מע שלעפּט אַפֿילע טויטע.

פֿארגעסן, רעכן איך, האָסט שוין יענעם ווינטער־פֿרי׳דעם גראָען,
ווען מאָרדן דיך געשיקט מע האָט דאַנטעסן.
ביז הײַנט נאָך יאָמערט איבער מײַן קאָפּ דער טרויער,
וויִאזוי זאָל איך יענעם ווינטער־פֿרימאָרגן פֿארגעסן.

— — — — — — — — — — — — — —

דער צוג נעמט רירן. אין קופּע אין ווייכער בא אַ פֿענצטער צוגעבויגן
זיצט אַלעקסאַנדער סערגייעוויטש און מישט עפּעס און בלעטערט.
אַ גליקלעך לאַנד — הייבט ער אויף מיטאַמאָל צווי קלאָרע טיפֿע אויגן.
אין הונדערט יאָר ארום ער פֿאָרט צוגאַסט צו די סאָוועטישע פּאָעטן.

*) פֿיגליארין — בולגארין פ. ו. 1789-1859, רעאַקציאָנערער שרײַבער, וועלכער האָט זיך איזרעקעוועט איבער פּושקינען.

# די צילנ אונ מעטאָדנ פונ די בייזע סאָנימ פונעמ פאָלק—פונ די טראָצקיסטנ

די געריכט־אויספאָרשונג אונ דער אורטייל פונ דער מיליטערישער קאָלעגיע פונ העכסטנ געריכט פונ פארבאנד ססר איבערנ איניעג פונעמ אנטיסאָוועטישנ טראָצקיסטישנ צענטער פיאטאקאָוו, ראדעקנ, סאָקאָלניקאָוו, סערעבריאקאָוו א. אנד. האָבנ בוילעט אונ אויסשעפלעכ אופגעדעקט די גאנצע טיפקייַט פונעמ מעלוכישנ פאראט, נידערטרעכטיקנ פאראט, שפיאָנאזש אונ אנדערע אומגעהויערע פארברעכנס פונ דער וועלפישער טשאטע צעווילדעוועטע אונ געפערלעכסטע סאָנימ פונעמ פאָלק.

זייער הויפט־אופגאבע, זייער טרוימ־ציל איז באשטאנענ אינ אראָפוואַרפנ די סאָוועטנרעגירונג אונ ענדערנ די עקזיסטירנדיקע סאָציאַליסטישע אָרדענונג אינ פססר. דאָס פארכאפנ די מאכט מיט דער הילפ פונ די אויסלענדישע באגנעטנ איז געווענ נייטיק, קעדיי אופצושטעלנ דעמ קאפיטאליזמ בא אונדז אינ לאנד. זינאָוויעוו, קאמעניעוו, סמירנאָוו אונ אנדערע אָנטיילנעמער פונעמ טראָצקיסטיש־זינאָוויעווישנ טעראָריסטישנ צענטער האָבנ געלייַגט אפנ געריכט, זאָגנדיק, אז זיי האָט געפירט בלויז דער דורשט נאָכ מאכט.

דער ווייַסגווארדייַישער טעראָר איז קיינמאָל ניט געווענ קיינ פראָגראמלאָזער. ווענ די עסערנ האָבנ געשאָסנ אינ לענינענ, האָבנ זיי זיכ אויכ געצויגנ צו מאכט. אלעמענ איז באוווסט, אז זיי האָבנ דאָס געטאָנ אינ נאָמענ פונ אופשטעלנ די מאכט פונ דער בורזשואזיע. ווענ די ווייַסגווארדייער האָבנ געשאָסנ אינ אונדזערע פולמעכטיקע פאָרשטייער וואָראָווסקי אונ וויקאָוו, האָבנ זיי פראָוואָצירט א מילכאָמע קעגנ סאָוועטנלאנד אונ האָבנ זיכ געוואָלט דערשלאָגנ דאָס אראָפוואַרפנ די סאָוועטנמאכט. ווענ די טראָצקיסטישע טעראָריסטנ האָבנ געשאָסנ אינ דעמ פלאמיקנ באָלשעוויק אונ ליבלינג פונ לאנד ס. מ. קיראָוונ, ווענ זיי האָבנ פארטראכט אונ געגרייט אטענטאטנ אפ אונדזערע פירער, האָבנ זיי אויסגעפילט אלצ די זעלבע אופגאבע, אָפרייניקנדיק א וועג פארנ קאפיטאליזמ.

אָפטרעטנ יאפאָניע פרימאָריע אונ פריאַמוריע, אָפטרעטנ דייַטשלאנד אוקראַינע, איבערגעבנ יאפאָניע די סאכאלינער נאפט אונ די ווייַטמיזורעכדיקע גאָלד־גרובנ; דאָס אומבאגרענעצטע איבערגעבנ דייַטשלאנד־רויוואַרג, וועלכע עס פארמאָגט אונדזער היימלאנד: ארצ, מארגאנצ, גאָלד, נאפט, אפאטיטנ, וואלד, אויסצאָלנ קאָלאָסאלע קאָנטריבוציעס מיט דערנערונג—מיט פעטס, ברויט, פלייש; פארוואנדלענ פססר אינ אנ עקאנאָמישנ צוגאָב פונ דער דייַטשישער ווירטשאפט, אלמעגלעכ באהילפיק זייַנ די דייַטשישע אונ יאפאָנישע

אונטערנעמער, מיטארבעטן מיט די פאשיסטן אין צווישנפעלקערלעכע פראגן און מיטהעלפן דײַטשלאנד אין פארכאפן די בײַדונײַשע לענדער און דעם באלקאנישן האלבאינדזל; סטימולירן און מיטהעלפן פארכאפן כינע דורך די יאפאָניער,—אזא איז אין קורצע שטריכן די פראָגראם פון דער „אויסערן־פאָליטיק“, וועלכע האָט באגײַסטערט די טראָצקיסטן אין זײער שפּיאָנישער און דיווערסיאָנעלער ארבעט.

דער קאמף קעגן דער אינדוסטריאַליזאציע פונעם לאנד, קעגן די פינפיאָר־פּלענער פון דער סאָציאַליסטישער בויונג, קעגן אלע דעראָבערונגען פונעם ארבעטער־קלאס, דאָס פאנאנדערלאָזן די קאָלווירטן, ליקווידירן די סאָווירטן, אופשטעלן די פּריוואט־קאפיטאַליסטישע עקספּלואטאציע, אָפּגעבן אין קאָנצעסיע די גרעסטע סאָוועטישע אונטערנעמונגען—אזא איז די פראָגראם פון דער „אינערלעכער פאָליטיק“ פון די טראָצקיסטן. א פראָגראם א רעסטאווראטאָרישע, א פראָגראם א פרעך־קאפּיטאליסטישע, מיט וועלכער די טראָצקיסטן האָבן עפנטלעך ניט געוואגט גײן אין די מאסן.

ניט אומזיסט, נאָך מיט 10 יאָר צוריק, ווען די טראָצקיסטישע פראָגראם האָט נאָך אויסגעזען אלס טעזיסן פון דער אָפּאָזיציע, האָט דער כאַווער סטאלין זי געשטעמפּלט, זאָגנדיק: „די „פּלאטפאָרם“ פון דער אָפּאָזיציע איז א פּלאטפאָרם אף צעשטערן אונדזער פארטײ, א פּלאטפאָרם אף אנטוואָפענען דעם ארבעטער־קלאס, א פּלאטפאָרם אף פאַנאנדערבינדן די אנטיסאָוועטישע קרעפטן, א פּלאטפאָרם אף ארויפרײַסן די דיקטאטור פונעם פראָלעטאריאט“.

אין משך פון קימאט 20־יאָריקן פעריאָד פון דער סאָוועטנמאכט זײַנען מיר שוין ניט אײנמאָל געווען אײדעס פון דעם, ווי פאר דעם סאָוועטישן געריכט פלעגט דעמאסקירט ווערן די פראָגראם פון אופשטעלן דעם קאפּיטאליזם, וואָס עס האָבן געפּרוווט פארווירקלעכן פארשײדענע אגענטן פונעם וועלט־קאפּיטאל און פון דער רוסלענדישער קאָנטר־רעוואָלוציע. דאָך האָט קײן אײנער פון די געריכט־פּראָצעסן איבער די ווײַסגוואַרדײַשע פארשווערער, וואָס זײַנען דורכגעגאנגען פאר אונדז, ניט דערוועקט אזא טיפן און מעכטיקן פאָלקס־צאָרן, ניט אופגעהויבן אזא אופרעגונג, וועלכע עס ברויזט איצט אין לאנד קעגן די טראָצקיסטן און קעגן דעם אטאמאן פון זײער טשאטע יודא־טראָצקי.

עס דערמאָנט זיך דער פּראָצעס פונעם ענגלישן געזאנדטן לאָקארט און זײַנע רוסישע שפּיאָנען, וואָס האָט ברײט אָפּגעשפּיגלט די גאנצע שארפקײַט פונעם קלאסן־קאמף אין 1918 י. עס גײט דורך פאר די אויגן דער איניען פונעם אזויגערופענעם „טאקטישן צענטער“, וועלכער איז געהערט געוואָרן אין 1920 י., וואָס האָט אײַנגעשלאָסן פארשטײער פון אלע אנטיסאָוועטישע פּאָליטישע פארטײען—פון די אויסגעשפּראָכענע מאָנארכיסטן און קאדעטן ביז מענשעוויקעס און עסערן. דער דאָזיקער איניען האָט אופגעדעקט די ענגע פארבינדונגען פון א מיליטערישער פארשווערונג אינעווײניק אין לאנד מיט דער אויסלענדישער קאָנטר־רעוואָלוציע.

דער פּראָצעס פונעם צענטראל־קאָמיטעט פון דער פארטײ עסערן, וואָס איז פאָרגעקומען אין 1922 י. האָט מיט אן אויסשליסלעכער בוילעטקײַט אופגעדעקט פאר דער גאנצער וועלט, אז די דאָזיקע פאָרשטײער פונעם נידערטרעכטיקן קולאקנטום האָבן אָרגאניזירט דאָס דערמאָרדן סאָוועטישע אָנפירער, האָבן פארווירקלעכט באוואָפנטע בארויבונגען, זײַנען ארײַן אין פארעטערישע באציונגען מיט אויסלענדישע מעלוכעס און האָבן אופגעהויבן א באוואָפנטן קאמף קעגן דער סאָוועטנמאכט אין נאָמען פון דעם אײן־און־אײנציקן ציל—ווידערגעבורט פונעם קאפּיטאליזם אין אונדזער לאנד.

לאָמיר דערמאָנען דעם שאכטינער פראָצעס פון 1928 י., ווען פארן סאָוועטישן געריכט האָט זיך געשטעלט דאָס קאָנטר־רעוואָליוציאָנערע קעפל פון דער אלטער טעכנישער אינטעליגענצ. מיר וועלן ווידעראמאָל דערזען, אז דאָס פארווירקלעכן שעדיקערישע אקטן, פארטרינקען און צעשטערן שאכטעס, אראָפּרייַסן די ארבעט פון די צענטראלע אָרגאנען, וואָס האָבן אָנגעפירט מיט דער שטיינקוילן־אינדוסטריע, דאָס באקומען געלט פון אויסלאנד און אנדערע פארברעכנס פון די שאכטינצעס האָבן זיך דערקלערט מיט דעם, וואָס די דאָזיקע מענטשן זיינען געגאנגען אפן צוים פון די אלטע באלעבאטים, האָבן אָרודעוועט אין זייערע אינטערעסן און אויסגעפילט זייערע דירעקטע אופגאבן און דירעקטיוון.

די געריכט־פראָצעסן, וועלכע זיינען פאָרגעקומען אין 1930—1931 י. י. איבער די קאָנטר־רעוואָליוציאָנערע אָרגאניזאציעס פון דער „פראָמפארטיי" און „פארבאנדישער ביוראָ" פון די מענשעוויקעס־אינטערווענטן, ווי אויך דאָס אופדעקן די אָרגאניזאציע פון דער קולאקישער פארטיי פון קאָנדראטיעוו־טשאיאנאָוו האָבן דעמאסקירט, אז אָט די אלע ווייַסגוואַרדייִשע אָרגאניזאציעס פארייניקט די געמיינזאמקייַט פון די פראָגראם־פּאָזיציעס. אלע האָבן זיי געהאלטן פאר זייער אופגאבע אופצושטעלן דעם קאפיטאליזם אין פססר. אלע האָבן זיי אויסגעשטעלט אפ דער אינטערווענציע, ווי אפן איינציקן וועג פון אראָפּווארפן די סאָוועטנמאכט. אלע זיינען זיי אָנגעקומען צו שעדיקערייַ, אלס דעם גרונטמעטאָד פון קאָנטר־רעוואָליוציאָנערער ארבעט. אלע זיינען זיי געשטאנען אין דער אָרגאניזאציאָנעלער פארבינדונג מיט די הערשנדיקע קרייַזן פון דער אייראָפּייִשער בורזשואזיע און די מענשעוויקעס, ביפראט, זיי זיינען אויך געווען אין פארבינדונג מיט די אָנפירנדיקע קרייַזן פונעם 2־טן אינטערנאציאָנאל.

אין די דאָזיקע אלע געריכט־פראָצעסן, וועלכע זיינען אן אָפּשפיגלונג פון דער געשיכטע פון דער קאָנטר־רעוואָליוציע אין פססר, גייט דורך ווי א רויטער פאָדים די איינהייַט פון ציל—דאָס אופשטעלן דעם קאפיטאליזם. דאָך דארף מען אָפן זאָגן: גאָר ניט צופעליק האָט דער צווישנפעלקערלעכער קאפיטאל איצט פארטרויט די טראָצקיסטן די זאך פון אראָפּווארפן די סאָוועטנמאכט. טאקע זיי האָבן אפ פיל איבערגעשטיגן און אריבערגעיאָגט זייערע פאָרגייער אינעם ווילדן האס צום סאָציאַליזם און צום סאָוועטישן פאָלק. טאקע זיי האָבן פלייַסיק אויסגעשמידט פאר דער בורזשואזיע א „טעאָרעטיש", גייַסטיק געווער פארן קאמף קעגן דער סאָוועטנמאכט אין דער פאָרם פון די טעזיסן וועגן דער אוממעגלעכקייַט פון אויסבויען דעם סאָציאַליזם אין אונדזער לאנד. טאקע זיי האָבן אריינגעלייגט אין די הענט פון דער בורזשואזיע דאָס טאקטישע געווער פארן קאמף קעגן דער סאָוועטנמאכט, ארויסגייענדיק אפן גאס מיט אן אנטיסאָוועטישער דעמאָנסטראציע און פאנאנדערבינדנדיק א שעדיקערישע ארבעט פון די בורזשואזע ספּעציאַליסטן. טאקע זיי האָבן געגעבן דער קאָנטר־רעוואָליוציע אן אָרגאניזאציאָנעל געווער, שאפנדיק אן אונטערערדישע אנטיסאָוועטישע אָרגאניזאציע און פארלייַכטערנדיק דאָס שאפן אנדערע אנטיסאָוועטישע גרופּעס.

אין זייער ווייַטערדיקער נידערטרעכטיקייַט האָבן די טראָצקיסטישע באנדיטן פונדעסטוועגן געשלאָגן זייערע אייגענע רעקאָרדן פון פאראט. לויט דעם, ווי אין אונדזער לאנד איז דער זיג פונעם סאָציאַליזם געוואָרן אלץ מער אָנשוילעך, לויט דעם, ווי אין דער קאפיטאליסטישער וועלט איז דער פינאנצ־קאפיטאל, אויס מוירע פאר דער רעוואָליוציע, אריבער צום פאשיזם, האָבן די טראָצקיסטן פאָרגעלייגט זייער דינסט דעם קאפיטאל

אלס אנ אָטריאַד, וועלכער איז דורכ זײַנ גאנצער פארגאנגענער טעטיקײַט א מער צו־געגרייטער צו דערמאָרדנ די פירער פונ סאָוועטנלאנד, צו פאנאנדערבינדנ א מילכאָמע, צו שפיאָנאזש אונ שעדיקערײַ, צו דער רעסטאווראציע פונעם קאפיטאליזם.

די גרעסטע קאפיטאליסטישע פירמעס פונ דײַטשלאנד, ווי „באָרזיג" אונ „דעמאג", וואָס האָבנ אויסגעהאלטנ אפנ כעזשבנ פונ די ספעציעלע האנדל־הויסאָפעס טראָצקיס טשאטע אונ זײַנע מיטהעלפער, האָבנ גוט געוווסט, פארוואָס זיי צאָלנ. מיט הינטישער געהאָרכזאמקײַט אונ איבערגעגעבנקײַט דעמ, וועלכער קאָרמעט זיי, האָבנ די טראָצקיסטנ פארווירקלעכט פאר די דאָזיקע געלט שעדיקערישע אקטנ, דיווערסיעס, שפיאָנאזש אונ טעראָר. זיי האָבנ זיכ געסטארעט צו ארבעטנ אָנ דורכפאל. דער אויסוווּרפ פיאטאקאָוו אונ זײַנע דינער האָבנ לויט טראָצקיס דירעקטיווּ געווענדעט די קלעפ אינ די אמערסטנ פילבארע ערטער. דער קעמעראָווער פראָצעס האָט אופגעדעקט פאר דער גאנצער וועלט, אז דער טראגישער אופרײַס אפ דער שאכטע „צענטראלנאיא", דער אופרײַס בײַס וועלכנ עס זײַנעג אומגעקומענ 10 אונ עס זײַנענ שווער פארוווּנדעט געוואָרנ 14 בארג־ארבע־טער,—איז די ארבעט פונ די געדונגענע פונ געסטאפאָ אונ פונ טראָצקיס אגענטנ.

די שוידערלעכע קאטאסטראָפע פונעם מיליטערישנ צוג אפ דער סטאנציע שומיכא, בײַס וועלכער עס זײַנענ אומגעקומענ 29 רויטארמייער אונ 29 זײַנענ פארוווּנדעט געוואָרנ, איז געווענ אָרגאניזירט דורכ באנדיט קניאזעוו לויט דער דירעקטער פאראָרדענונג פונעם טראָצקיסטישנ צענטער אונ לויט די אָנווײַזונגענ פונעם יאפאָנישנ אויסשפיר־אָפטייל. די פיל מענטשלעכע קאָרבאָנעס בײַס די דאָזיקע דיווערסיע־אקטנ האָבנ אפ א האָר ניט גע־רירט די טראָצקיסטישע וועלפ. זיי האָבנ ציניש זיכ דערבײַ געריבנ די הענט, זיכ טריי־סטנדיק מיט האָפענונגענ, אז די אופרײַסנ, אוואריעס, דאָס אָפסאמענ די ארבעטער וועלנ ארויסרופנ אנ אופרייצונג קעגנ דער סאָוועטנמאכט.

בא דער גאנצער גרוילקײַט פונ די שעדיקערישע אקטנ, וועלכע די טראָצקיסטנ האָט זיכ אײַנגעגעבנ צו פארווירקלעכנ, דארפנ זיי פונדעסטוועגנ אויסזענ ווי א קינדערשפיל אינ פארגלײַכ מיט יענע פארברעכנס, וועלכע עס האָבנ געגרייט די סאָנים פונ פאָלק אינ דער צײַט פונ א מילכאָמע לויט טראָצקיס דירעקטע אָנווײַזונגענ, וואָס זײַנענ געווענ פארשטענדיקט מיטנ דײַטשישנ גענשטאב אונ יאפאָנישנ אויסשפיר־אָפטייל. וועגנ דעמ כאראקטער אונ מאסשטאבנ פונ די דאָזיקע פארברעכנס קענ מענ אורטיילנ כאָטשבי לויט דעם, וואָס פיאטאקאָוו האָט אָפגעגעבנ א פאראָרדענונג, אינ מאָמענט, ווענ עס וועט זיכ אָנהויבנ א מילכאָמע, אונטערצינדנ דעמ קעמעראָווער כימישנ קאָמבינאט—איינעם פונ די ציסאדעלנ פונ אונדזער כימישער אינדוסטריע. אונ ליוושיצ, קניאזעוו אונ אנד. שעדיקער אפנ טראנספאָרט האָבנ זיכ געגרייט ברייט אָנצושטעקנ מיט באקטעריעס די מיליטערישע עשאלאָנענ, דערנערונג־פונקטנ אונ פונקטנ פונ סאניטארער באארבעטונג פונעם מילי־טער.

צוליב דעם, קעדיי די פאשיסטישע קלעפ איבערנ סאָוועטנלאנד זאָלנ געגעבנ ווערנ אמערסטנ טרעפלעכ, האָבנ זיכ די טראָצקיסטנ ניט באגרענעצט מיט פארווירקלעכנ אונ צו־גרייטנ דיווערסיאָנעלע, שעדיקערישע אקטנ. זיי האָבנ גענומענ אפ זיכ דאָס אויספילנ שפיאָנישע אופגאבנ פונ דער דײַטשישער אונ יאפאָנישער אויסשפיר־אָפטיילונגענ. ראטײַ־טשאק, פושינ, גראשע האָבנ איבערגעגעבנ דעמ דײַטשישנ אויסשפיר־אָפטייל דעטאלע ידיעס וועגנ דעמ צושטאנד פונ דער אויסשטאטונג, צײַטרײַב, אוואריעס, וועגנ ארויס־לאָז פונ פראָדוקציע אונ וועגנ די בויונג־פלענער פונ דער כימישער אינדוסטריע. סטראָי־

לאָוו און שעסטאָוו האָבן פארווירקלעכט אן אנאלאָגישע פארבינדונג מיטן דײַטשישן אויסשפיר־אָפּטייל, אויספילנדיק אופגאבן פאר עקאָנאָמישן שפּיאָנאַזש אין דער באַרג־אינדוסטריע. קניאזעוו פלעגט איבערגעבן דעם יאפּאָנישן אויסשפיר־אָפּטייל אָנגאבן וועגן דער מאָבילִיזיר־גרייטקײַט פון די אײַזנבאַן־וועגן, וועגן די מיליטערישע טראנספּאָרטירונגען א. א. וו.

אויב אלע אויספילער, וואָס האָבן געארבעט לויט די באפעלן פונעם טראָצקיסטישן צענטער, האָבן שפּיאָנירט און פארקויפט זייער לאַנד אין איינצל, האָט דער צענטער גופע געהאנדלט מיטן היימלאַנד אין הורט. טאקע פאַר די דאָזיקע צילן זײַנען אײַנגעאָרדנט געוואָרן פארעטערישע באגעגענישן און אונטערהאנדלונגען פון טראָצקין, סאָקאָלניקאָוון, ראַדעקן א. אנד. מיט די פאָרשטייער פון די אמערסטן אגרעסיווע פאשיסטישע מעלוכעס.

אָט דער דאָזיקער גאנצער בוקעט פון פארברעכנס האָט זיך באקרוינט מיט אן אָרגאַניזאציע פון פארצווײַגטע טעראָריסטישע גרופּן אין מאָסקווע, לענינגראַד, קיִעוו, ראָסטאָוו, סאָטשי, נאָוואָסיבירסק און אין אנדערע שטעט. דער סוינע פון פאָלק טראָצקי האָט אונטערגעטײַלט, זײַנע אונטערהעלפער האָבן אונטערגעיאָגט, זייערע אגענטן האָבן זיך באַוואָרנט מיט געווער, זיך געלערנט שיסן, האָבן אויסגעשפּירט. זיי האָבן געטאָן אלץ, קעדיי צו פארווירקלעכן א גאנצע סעריע טעראָריסטישע אקטן קעגן די אָנפירער פון דער פּארטיי און רעגירונג.

עס איז ניט געווען אזא נידערטרעכטיקײַט, אַפּ וועלכער עס זאָלן ניט זײַן פייִק די טראָצקיסטן אין נאָמען פון אופשטעלן דעם קאפּיטאליזם. וואָס וואָלט אָבער באַדײַט די רעסטאווראציע פונעם קאפּיטאליזם פאר די פאָלקס־מאסן?

די געשיכטע האָט פאנאנדערגעשפּירט אן ענטפער אין אלע דעטאלן. וועגן דעם ריידן שוין זייער גוט די פאָלגן אפילע פון די ציִטוויײַליקע זיגן, וואָס עס האָט אָפּגעהאלטן די קאָנטער־רעוואָליוציע.

יעדערער, וואָס איז כאָטש אביסל באקאנט מיט געשיכטע, וועט קיינמאָל ניט פארגעסן די גרויליקע כײַישקײַטן, זדיעקעס און גוואלדטאטן, מיט וועלכע די געדונגענע מערדער־ווערסאלצעס האָבן געפּײַניקט דעם פּאריזשער פּראָלעטאריאט, אָפּריכטנדיק זייערע בלוטיקע אָרגיעס אפן אש פון דער צעגראָמירטער פּאריזשער קאָמונע. ניט קיין ווייניקער בוילעטן בילד גיט דער ווילקיר פונעם ווײַסן טעראָר, נאָך דעם, ווי עס איז טראַגיש צעגראָמירט געוואָרן די פּראָלעטארישע דיקטאטור אין אונגארן. באַזיגנדיק די יונגע סאָוועטישע רעפּובליק, האָבן די אונגארישע הענקער, בוכשטעבלעך, פארטרונקען אין בלוט דאָס גאנצע לאַנד פון די אנטוואָפנטע קאָמוניסטישע, סאָציאַל־דעמאָקראטישע און אומפּארטייִשע ארבעטער, זייערע פרויען און קינדער.

טליִעס, צעשיסונגען, טורמע־פּײַניקונגען און אינקוויזיציע—אזא איז געווען די קאפּיטאליסטישע „אָרדענונג“, וועלכע עס האָבן געבראכט מיט זיך די ווײַסגווארדייִשע באַנדעטן. דאָס פאלן פון דער בײַערישער סאָוועטן־רעפּובליק, וועלכע האָט זיך געהאלטן זייער ניט לאַנג, איז אויך באַצייכנט געוואָרן דורך אן אויסשליסלעכער ווילדער צערעכענונג מיט די ארבעטער און דורך א ברוטאלן ווײַסן טעראָר, וואָס איז דאָ געווען א פּראָלאָג צום ווײַטערדיקן רײַפ ווערן פון די סאמע אנטבלויזטע פאָרמען פון פאשיסטישן ווילקיר.

ענדלעך, די סאמע לעבעדיקע און דענקבארע איליוסטראציע פאר אונדזער פאָלק פון דעם, וואָס עס באַדײַט רעסטאווראציע פונעם קאפּיטאליזם פאר די ארבעטער, פויערים

און אינטעליגענץ, איז דער פרווו פון דער הערשונג פון די ווײַסע און פון די אינטערווענטן אפ אוקראַינע, אין ווײַסרוסלאנד, אין ארכאנגעלסק, אין טראנסקאווקאז, סיביר און אפן ווײַטן מיזרעכ אין יענע יאָרן, ווען די סאָוועטנמאכט איז צײַטווײַליק געווען אָפגעשטויסן פון די דאָזיקע ראיאָנען.

שוין גופע דאָס קומען פון די ווײַסגוואַרדייער פלעגט געווײנלעכ באגלייט ווערן מיט א דורכויסיקער שכיטע פון קאָמוניסטן און קאָמיוגיסטן, מיט דערמאָרדן רעוואָליוציאָנערע ארבעטער, רויטארמייער, מאסן־צעשיסונגען, מיט טויט־עקזעקוציעס אפ די שײַטערס און מיטלעלטערלעכע אינקוויזיציעס איבער דער ארבעטנדיקער באפעלקערונג. אפ די לאַמטערנעס פון די צענטראלע גאסן און פלעצער האָט מען געהאנגען פאָרגעשריטענע ארבעטער, יוגנט און אָפט אײַנוווינער, וואָס זײַנען אין גאָרנישט ניט געווען שולדיק. דאָס אלץ איז אָבער געווען בלויז אן אָנהויב פון דעם טעראָריסטישן ווילקיר פון די ווײַסע.

ווי נאָר די פויערים האָבן מיט עפעס וואָס געפרווט אויסדריקן זייער אומצופרידנקײַט מיט דעם אומקער פון די פריצים, האָט מען גאנצע יישווים צעגראָמירט און פארברענט (מיר וועלן דערמאָנען כאָטש די „טעטיקײַט“ פונעם גענעראל סלאשטשעוו, וואָס האָט אין נאָיאבער 1919 י. פארברענט א ריי דערפער פון דער באשטאנער און ווינער רעפובליקן), צענדליקער טויזנטער פויערים, וועמעס איינציקע שולד עס איז באשטאנען אין דעם, וואָס זיי האָבן ניט אָנגעהערט צום קולאקנטום, פלעגט מען אפ אן אומענטשלעכן אופן שמײַסן מיט שאָמפּאָלן און נאהײַקעס.

אומקערנדיק די פאבריקן, זאוואָדן, שאכטעס, הײַזער די פריערדיקע אייגנטימער, ליקווידירנדיק אלע דערגרייכונגען פון די ארבעטער, אין הינזיכט פון פארקירצן די ארבעטצײַט, אורלויבן, סאָציאלער סטראכירונג א. א. וו., איז די קאָנטר־רעוואָליוציע טייקעף נאָכן ארויסשטויסן די מאכט פון די סאָוועטן אריבערגעגאנגען צו דעם סאמע צעווילדעוועטן טעראָר.

אונטערן אויסרייד פון אײַנפירן א „מיליטערישן“, „באלאגערטן“ „אויסערגעווײנלעכן“ צושטאנד פלעגן אײַנגעפירט ווערן ספעציעלע געזעצן, וועלכע זײַנען געווען בארופן אָפצוטויטן אינעם עמבריאָן יעטווידע דערשײַנונג פון פרײַדענקערײַ. אונטערן אויסרייד פון „קאמפ קעגן מארקסיזם“ האָט מען געעפנט א ווילדע פארפאָלגונג אפ דער אינטעליגענץ—טעראָר אין געביט פון וויסנשאפט, קונסט, ליטעראטור. שולן, ביבליאָטעקן, וויסנשאפטלעכע אינסטיטוטן פלעגן פארמאכט ווערן, די רעליגיעזע אבסקוראנטן האָבן געיובלט.

אזעלכע זײַנען די פּאָלגן פון אופשטעלן דעם קאפיטאליזם אינדערצײַט פון בירגערקריג אין באזונדערע ראיאָנען פון אונדזער לאנד. ס'איז לײַכט זיכ פאָרצושטעלן, צו וואָס עס האָבן זיכ געוואָלט דערשלאָגן די פארשאָלטענע טראָצקיסטן, שטרעבנדיק אופצושטעלן דעם קאפיטאליזם אין סאָוועטנלאנד נאָכדעם, ווען זײַנע וואָרצלען גופע זײַנען דאָ אויסגעוואָרצלט געוואָרן ביזן גרונט.

דער טראָצקיסטישער סוינע איז אומפארגלײַכלעכ מער נידערטרעכטיק, ווי יעטווידער אנדער אָטריאד פון דער קאָנטר־רעוואָליוציע. מיר האָבן לײַכט דערקענט און געשלאָגן דעם אָפענעם סוינע. פיל קאָמפּליצירטער און געפערלעכער האָבן זיכ ארויסגעוויזן די, וועלכע האָבן געקענט דורכגיין אין אונדזער פארטיי־הויז, קעדיי אָפצונארן אונדזער וואכזאמקײַט. אָנווענדנדיק זייער צווייפּנעמדיקע טאקטיק, מיט האָניק אפ די ליפּן, מיט יודושקא־טרערן אין די אויגן, האָבן זיי אויסבאהאלטן א מעסער אין בוזים און געגעבן א קלאפּ פון הינטערן פּלייצע. דורכקריכנדיק אין די ריִען פון פארטיי, פויזענדיק, צו־

פאסנדיק זיכ, מאסקירנדיק זיכ זײַנעג די דאָזיקע בייזע שלאנגענ דורכגעדרונגענ אפ די אמערסטנ פאראנטוואָרטלעכע באצירקנ, דורכקריכנדיק צו דער מאכט. די דאָזיקע פאָליטישע אוואנטיוריסטנ האָבנ אויסגענוצט יעטווידער שפאלט, די קלענסטע אָפשוואכונג פונ דער וואכזאמקײַט, קעדיי צו שעדיקנ אונ פאסקודיענ אונדז.

די גענעראלנ־מאָנארכיסטנ, די קאדעטנ, עסערנ, מענשעוויקעס אונ די איבעריקע סאָנימ פונ דער סאָוועטנמאכט האָבנ געפרוווט אומקערנ די פריצימ אונ קאפיטאליסטנ דאָס, וואָס עס האָט בא זיי אָפגענומענ די פראָלעטארישע סאָציאַליסטישע רעוואָליוציע. די טראָצקיסטישע באנדיטנ פרווונ זיכ ניט נאָר אָפנעמענ בא אונדז דאָס דעראָבערטע, נאָר אויכ אונטערטראָגנ זייערע פאשיסטישע באלעבאטימ אינ צענ מאָל מערער ווערטנ, וואָס זײַנענ געשאפנ געוואָרנ מיט די אָנשטרענגונגענ פונ די ארבעטער אונ פויערימ פאר די יאָרנ פונ די צוויי סטאלינישע פינפיאָרנ.

די דעניקינס אונ מיליוקאָווס האָבנ זיכ געסטארעט, כאָטש לעפאָנימ וועגנ, אײַנהיטנ אפ זייער פאסאד די מונדלעכע פלוידערײַ וועגנ דעמ „אומצעטיילבארנ״ רוסלאנד. די טראָצקיסטנ זײַנענ געפאלנ נידעריקער פונ די דאָזיקע ווײַסגווארדייער. די דײַטשישע, איטאליענישע, יאפאָנישע פאשיסטישע אגרעסאָרנ פרוונ צודעקנ מיט א פײַגנ־בלאט פונ „פאטריאָטיזמ״ זייער בארויבנ דעמ פאָלק, זאָל זײַנ אינ זייער בורזשואזנ זינ פונ וואָרט. די טראָצקיסטנ שרײַבנ זיכ אונטער אָפנ, אז זיי האנדלענ מיט אונדזער לאנד אינ הורט אונ אינ איינצל. צי קענ זײַנ א מער העסלעכ בילד, צי קענ זײַנ א מער טיפערער פאלנ?

דער פראָצעס האָט זיכ פארענדיקט. דער שטראָפנדיקער שווערד פונ דער סאָוועטישער גערעכטיקײַט האָט זיכ אראָפגעלאָזנ אפ די קעפ פונ די טראָצקיסטישע ראָצכימ, עס וואָלט אָבער געווענ נאַיִוו צו טראכטנ, אז מיטנ פארוויקלעכנ דעמ אורטייל ענדיקט זיכ דער קאמפ קעגנ די סאָנימ פונ פאָלק.

די גוואלדיקע באדײַטונג פונעמ פראָצעס באשטייט אינ דעמ, וואָס ער האָט דעמאסקירט די מעטאָדנ, דאָס געווער, מיט וועלכנ עס באנוצט זיכ דער סוינע. דאָס קענענ די פײַנטלעכע אופירונג באוואָפנט אונדז אינ קאמפ קעגנ אימ. די אופגאבע באשטייט איצט אינ דעמ, קעדיי צו דעמאסקירנ אונ שלאָגנ דעמ סוינע אונטער וועלכער מאסקע ער זאָל זיכ ניט באהאלטנ.

(„פראוודא״)

---

# א. ס. פושקין וועגן פראגן פון ליטעראטור

## וועגן פּראָזע

„... פּינקטלעכקײַט און קורצקײַט, אָט זײַנען די ערשטע מײַלעס פון פּראָזע. זי פאָדערט געדאנקען און געדאנקען—אָן זיי וועלן די גלענצנדיקסטע אויסדריקן צו גאָרניט ברענגען".

(פונעם ארטיקל וועגן דער רוסישער פּראָזע

(1822—1824

## ערנסטקײַט פון פּאָעזיע

„... היט אונדז גאָט פון צו זײַן אָנהענגער פון אומאָראַלישקײַט אין דער פּאָעזיע (מיר פארשטייען דאָס דאָזיקע וואָרט ניט אינעם קינדערשן זין, אין וועלכן ס'באַנוצן אים בא אונדז אייניקע זשורנאַליסטן)! די פּאָעזיע, וואָס לויט איר העכסטער פרײַער אייגנשאפט דארף זי ניט האָבן קיין שום ציל אויסער זיך אליין, דארף אוודאי ניט דערנידעריקן זיך צו דעם, אז זי זאָל מיט דער קראפט פון וואָרט א טרייסל טאָן די אייביקע עמעסן, אף וועלכע עס באַזירט זיך מענטשלעכע גליק און רום, אָדער פארוואַנדלען זייער געטלעכן נעקטאר אין אן אויסערסט־לײַדנשאפטלעכן, רייצנדיקן עקסטראקט. אָבער באַשרײַבן די מענטשלעכע שוואכקײַטן, בלאָנדזשענישן און לײַדנשאפטן איז ניט קיין אומאָראַלישקײַט, ווײַל אנאטאָמיע הייסט ניט מאָרד".

(פונעם ארטיקל אין 1831 י.)

## טיפּן בא שעקספּירן און מאָליערן

„... די פּערזאָנען, וואָס שעקספּיר האָט געשאפן, זײַנען ניט ווי בא מאָליערן קיין טיפּן פון א וועלכער ס'איז לײַדנשאפט, פון א וועלכן ס'איז פעלער, נאָר זיי זײַנען לעבעדיקע וועזנס, וואָס פארמאָגן פיל לײַדנשאפטן, פיל פעלערן. די באַדינגונגען אנטוויקלען פארן צושויער זייערע פילזײַטיקע און פילפאכיקע כאראקטערן. בא מאָליערן איז דער קארגער קארג—און דאָס גאָר; בא שעקספּירן איז שיילאָק קארג, געשיקט, נעקאָמעדאָרשטיק, אן איבערגעגעבענער צו קינדער, איז שארפזיניק. בא מאָליערן שלעפּט זיך דער צוואַק נאָך דער ווײַב פון זײַן פּאטראָן, צוויַעסדיק; נעמט אָן די גיטער אף אָפּהיטן — צוויַעסדיק; בעט א גלאָז וואסער — צוויַעסדיק; בא שעקספּירן טראָגט ארויס

דער צוואק א געריכט־אורטייל מיט גײַוועדיקער שטרענגקײַט, אָבער מיט רעכט; ער באַרעכטיקט זײַנ גרויזאמקײַט מיט טיפּזיניקער באטראַכטונג פונ א מעלוכע־מענטש; ער פארפירט די אומשולדיקײַט מיט שטארקע צוציִענדיקע סאָפיזמענ, מיט ניט קיינ לעכער־לעכנ געמיש פונ פרומקײַט און פארשלעפעניש. אנדזשעלא איז א צוואק—ווײַל זײַנע עפנטלעכע טאטנ ווידערשפּרעכנ די פארבאָרגענע לײַדנשאפטנ: אָבער סארא טיפקײַט איז אינ דעם דאָזיקנ כאראקטער".

(פונעם ארטיקל 1834 י.)

# וועגנ פאָלקישקײַט אינ דער ליטעראטור

„זינט א געוויסער צײַט איז בא אונדז ארײַנ אינ א געוווינהײַט צו ריידנ וועגנ פאָלקישקײַט, פאָדערנ פאָלקישקײַט, קלאָגנ זיכ אפ דער אָפּוועזנהײַט פונ פאָלקישקײַט אינ די ווערק פונ דער ליטעראטור,—אָבער קיינער האָט ניט געטראכט צו פאָרמולירנ, וואָס ער פארשטייט אונטערנ וואָרט פאָלקישקײַט.

איינער פונ אונדזערע קריטיקער מיינט, דאכט זיכ, אז פאָלקישקײַט הייסט אויסקלײַבנ זאכנ פונ דער פאָטערלענדישער געשיכטע, אנדערע זעענ די פאָלקישקײַט אינ ווערטער, ד. ה. זיי פרייענ זיכ מיט דעם, וואָס ריידנדיק רוסיש, באנוצנ זיי רוסישע אויסדרוקנ.

נאָר צי האָט א זינ אָפּנעמענ בא שעקספּירנ פונ זײַנ אָטעלאָ, האמלעט, א מאָס פאר א מאָס אונ אנד.—די מײַלעס פונ גרויסער פאָלקישקײַט; Vega אונ קאלדעראָנ טראָגנ זיכ וואָס א מינוט אריבער אינ אלע וועלט־טיילנ, שעפּנ די אָביעקטנ פאר זייערע טראגעדיעס פונ איטאליענישע דערציילונגענ, פונ פראנצויזישע etc; אריאָסט באזינגט קארלאָמאנענ, די פראנצויזישע ריטערס אונ די כינעזישע שיינהײַט.— ראסינ נעמט זײַנע טראגעדיעס פונ דער אלטערטימלעכער (געשיכטע).

פונדעסטוועגנ האָט ניט קיינ זינ צו באשטרײַטנ בא אָט די אלע שרײַבער די מײַלעס פונ גרויסער פאָלקישקײַט, אינ קעגנזאצ צו דעם, וואָס איז פאראנ פאָלקישעס אינ דער רוסישער טראגעדיע אונ אינ קסעניע (אָזעריאָווס), וועלכע שמועסט אינמיטנ פונ דמיטריס לאגער מיט דער פאוואָריטנ אינ פינפוסיקע יאמבישע (פערזנ) וועגנ דער על־טערנ־מאכט, ווי עס האָט ריכטיק באמערקט (דערזשאווינ).

פאָלקישקײַט בא א שרײַבער איז א מײַלע, וואָס קענ פולשטענדיק אָפּגעשאצט ווערנ דורכ די מענטשנ פונ זײַנ פאָטערלאנד אליינ—פאר אנדערע איז אָדער זי עקזיסטירט ניט, אָדער זי קענ אפילע אויסווײַזנ זיכ אלס א פעלער—א געלערנטער דײַטש איז אופגע־בראכט אפ דער העפלעכקײַט פונ ראסינס העלדנ, א פראנצויז לאכט, זעענדיק בא קאל־דעראָנעג, וויאַזוי קאָריאָלאנ רופט ארויס אפ א דועל זײַנ קעגנער. דאָס אלצ טראָגט פונדעסטוועגנ א שטעמפל פונ פאָלקישקײַט.

ס'איז פאראנ אנ אויפנ פונ געדאנקענ אונ געפילנ, ס'איז פאראנ א ריי מינהאָגים אונ אבערגלויבונגענ, אונ געוווינהײַטנ, וואָס געהערנ אויסשליסלעכ צו א וועלכנ ס'איז פאָלק—דער קלימאט, דער אויפנ פונ רעגירנ, דער גלויבנ גיבנ צו יעדנ פאָלק א באַ־זונדערע פיזיִאָנאָמיע,—וואָס שפיגלט זיכ מער ווייניקער אָפּ אינעם שפיגל פונ דער פּאָעזיע".

(ארטיקל „וועגנ פאָלקישקײַט אינ דער ליטעראטור" 1826 י.)

# אָפּשאצונגענ וועגנ פּושקינענ *)

## קארל מארקס

„וענ מארקסנ איז שוינ געווענ 50 יאָר, האָט ער זיכ גענומענ דערלערנענ די רוסישע שפּראַכ אונ, ניט קוקנדיק אפ דער שווערקײַט פונ אָט דער שפּראַכ, האָט ער אפ אזויפיל באהערשט זי אינ א וועלכע ס'איז זעקס כאדאָשים, אז ער האָט געקאָנט מיט פארגעניגנ לייענענ די רוסישע פּאָעטנ אונ פּראָזאיקער, פונ וועלכע ער האָט באזונדערס געשעצט פּושקינענ, גאָגאָלנ, שטשעדרינענ".

(פּ. לאפארג,—קארל מארקס. לויט פּערזענ־לעכע דערינערונגענ).

## ו. אי. לענינ

„איכ האָב געבראַכט מיט זיכ אינ סיביר פּושקינענ, לערמאָנטאָווג, נעקראסאָווג. וולאדימיר איליטש האָט זיי אוועקגעלייגט לעבנ זײַנ בעט, צוזאמענ מיט העגעלנ, אונ האָט זיי דורכגעלייענט אינ די אָוונטנ נאָכאמאָל אונ ווידעראמאָל. מער פונ אלצ האָט ער ליב געהאט פּושקינענ".

(נ. ק. קרופּסקאיא — דערינערונגענ וועגנ לענינענ).

„6. 5. 1921.

כ' ליטקענס! פארגעסנ בא דער באגעגעניש בעטנ אײַכ דורכקאָנטראָלירנ, ווי שטייט די פראגע מיט דער קאָמיסיע פונ וויסנשאפטלער, וועלכע שטעלנ אופ דעמ ווערטער־בוכ (א קורצנ) פונ דער הײַנטצײַטיקער (פונ פּושקינענ ביז גאָרקינ) רוסישער שפּראַכ.

איכ האָב שוינ לאנג, פיל מאָל זיכ דערעדט וועגנ דעמ מיט פּאָקראָווסקינ אונ לונאטשארסקינ.

צי טוט זיכ עפּעס? וואָס גראדע?

דערוויסט זיכ אונ שרײַבט אָנ פּינקטלעכ.

מיט קאָמ. גר. לענינ".

(לענינישער זאמלבוכ 20).

---

*) אויסצוגנ פונ אייניקע ארויסזאָגונגענ אונ אָפּהאנדלונגענ וועגנ פּושקינענ.

## מ. גאָרקי

... „וואָס זשע גיט פּושקין דעם לייענער־פּראָלעטאַריער?

ערשטנס,—אָפּן בײַשפּיל פון זײַן שאַפן זעען מיר, אַז דער שרײַבער, וואָס איז רײַך מיט דער קענטעניש פון לעבן,—אַזוי צו׳ זאָגן, אַן איבערגעלאָדענער מיט דערפאַרונג—גייט אַרויס אין זײַנע קינסטלערישע פּאַראַלגעמיינערונגען (אין די געשטאַלטן פון יעווגעני אָניעגין, גראַף נולין, דובראָווסקי א. א. וו.) אויסער די ראַמען פון זײַן קלאַסן־פּסיכיק, דערהויבט זיך איבער די טענדענצן פונעם קלאַס—און אָביעקטיוויזירט אונדז דעם דאָזיקן קלאַס,—פון דער אויסערלעכער זײַט—אַלס א ניט אײַנגעגעבענע און ניט גראַדע אָרגאַניזאַציע פון א טייל געשיכטלעכער דערפאַרונג, און פון דער אינערלעכער זײַט—אַלס א פּסיכיק אַן עגאָיִסטישע, וואָס איז פול מיט אומקאָמפּראָמיסלעכע ווידערשפּרוכן.

אָן ספק, אַז פּושקין איז אַן אַדעליקער,—ער האָט אַליין איין צײַט זיך איבערגענומען מיט דעם,—נאָר אונדז איז וויכטיק צו וויסן, אַז שוין אין זײַן יוגנט האָט ער דערפילט אַן ענגשאַפט און דושנעקײַט אין די אַדעליקע טראַדיציעס, ער האָט פאַרשטאַנען די אינטעלעקטועלע אָרעמקײַט פון זײַן קלאַס, זײַן קולטור־שוואַכקײַט און—האָט דאָס אַלץ אָפּגעשפּיגלט, דאָס גאַנצע לעבן פונעם אַדל, זײַנע אַלע קרענק און שוואַכקײַטן מיט אַן אויסערגעוויינלעכער ריכטיקײַט.

א ריינ־ און שטרענג־קלאַסאָווער שרײַבער שטרעבט פאָרצושטעלן זײַן קלאַס אַלס אַלמעכטיקן און אַלס אייגנטימער פון ניט דיסקוטאַבעלע סאָציִאַלע עמעסן, וואָס האָבן פאַר דער גאַנצער מאַסע פון פאָלק אַן אָבליגאַטאָרישע באַדײַטונג, זײַנען פאַר אַלעמען א דאָגמאַט, וואָס פאָדערט אַבסאָליוט זיך אונטערוואַרפן זיי,—אַזאַ שרײַבער שילדערט די אידייען, געפילן און גלויבונגען פון זײַן קלאַס אַלס איינציק ריכטיקע, פולקומע און געטרײַע אָפּשפּיגלונג פון אַלע זײַטן פון לעבן,—פון דער גאַנצער דערפאַרונג פון דער מענטשהײַט.

אינעם בײַשפּיל פון פּושקינען האָבן מיר א שרײַבער, וועלכער האָט, זײַענדיק איבערגעפּולט מיט די אײַנדרוקן פונעם זײַן, געשטרעבט צו אָפּשפּיגלען זיי אין ליד און פּראָזע מיט דער גרעסטער וואָרהאַפטיקײַט, מיטן גרעסטן רעאַליזם,—וואָס ער האָט טאַקע דערגרייכט מיט געניִאַלער קענטשאַפט. זײַנע ווערק—זײַנען א ווערטפולער אײדעס פון א קלוגן, ווייסנדיקן און וואָרהאַפטיקן מענטשן וועגן די זיטן, מינהאָגים, באַגריפן פון א באַשטימטער עפּאָכע,—אַלע זײַנען זיי געניִאַלע אילוסטראַציעס צו דער רוסישער געשיכטע.

א קלאַסן־שרײַבער, וועלכער גרופּירט זײַנע דערפאַרונגען לויטן שאַבלאָן פון די אינטערעסן פון זײַן קלאַס, זאָגט אונדז: „אָט איז דער עמעס, וואָס איך האָב אַרויסבאַקומען פון די באַאָבאַכטונגען איבערן מענטשלעכן לעבן,—קיין אַנדער עמעס איז ניטאָ, קען ניט זײַן!"

דאָס הייסט פּראָוואָצירן די טענדענצן פון איין קלאַס אין א דאָגמאַט, וואָס איז אָבליגאַטאָריש פאַר אַלע אַנדערע, דאָס איז די פּריידיקונג פון דער נויטווענדיקײַט אונטערוואָרפן די גאַנצע מאַסע פון פאָלק אונטער די מאָראַלישע און רעכטלעכע נאָרמעס, וואָס לוינען בלויז דער קאָמאַנדירנדיקער קראַפט; דאָ ווערט די קונסט געבראַכט א קאָרבן פאַר די אינטערעסן פון דער קריגערישער פּאָליטיק, ווערט דער־

פּירט צו א קאַמף־געווער און איבערצײַגט אונדז ניט, ווײַל מיר זעען אָדער מיר פילן אין איר אַן אינערלעכע פאַלשקײַט.

„פון וועמען איך זאָל ניט שטאַמען,—זאָגט פּושקין,— וואָלט מײַן אַרט דענקען פון דעם גאָרניט אָפּהענגיק געווען".

דאָס זײַנען ווערטער פון א מענטשן, וועלכער האָט געפילט, אַז פאַר אים זײַנען די אינטערעסן פון דער גאַנצער נאַציע העכער פון די אינטערעסן פון דעם איינעם אַדלטום, און ער האָט אַזוי גערעדט דערפאַר, ווײַל זײַן פּערזענלעכע דערפאַרונג איז געווען ברייטער און טיפער פאַר דער דערפאַרונג פונעם אַדעליקן קלאַס".

(פון גאָרקיס פאַרבליבענעם מאַנוסקריפּט „געשיכטע פון דער ליטעראַטור פאַרן פאָלק", שוואַרץ־פאַרצייכענונגען פון 1907 י., „ליטעראַטורנאַיאַ אוטשאָבאַ" נומ. 8, 1936 י.).

## ו. ג. בעלינסקי

„פּושקין איז באַרופן געווען צו זײַן דער ערשטער פּאָעט־קינסטלער פון רוסלאַנד, געבן איר א פּאָעזיע, אַלס קונסט, און ניט בלויז אַלס שיינע שפּראַך פון געפיל...

... און וואָס איז דאָס פאַר א ליד! אַנטישע פּלאַסטיק און שטרענגע פּאָשעטקײַט האָט זיך פאַראייניקט אין איר מיט דער באַצויבערנדיקער שפּיל פונעם ראָמאַנטישן גראַם; די גאַנצע אַקוסטישע רײַכקײַט, די גאַנצע קראַפט פון דער רוסישער שפּראַך האָט זיך אַנטפּלעקט אין איר אין א וווּנדערלעכער פולקײַט; זי איז צאַרט, זאַפטיק, ווייך, ווי דער מורמל פון דער כוואַליע, קאָמפּאַקט און געדיכט, ווי סמאָלע, לויטער ווי א בליץ, דורכזיכטיק און ריין, ווי קרישטאָל, דופטיק און אַראָמאַטן־פול, ווי דער פרילינג, פעסט און מעכטיק, ווי דער קלאַפּ פון שווערד אין דער האַנט פונעם העלד. אין איר איז א צוציִענדיקער, ניט אויסדריקבאַרער פּראַכט און גראַציע, אין איר איז א בלענדנדיקער גלאַנץ און באַשיידענע טויִקײַט, אין איר איז די גאַנצע רײַכקײַט פון מעלאָדיע און האַרמאָנישקײַט פון דער שפּראַך און ריטם, אין איר איז די גאַנצע צערטלעכקײַט און פאַרשיקערונג פון דער שעפערישער פאַנטאַזיע, פונעם פּאָעטישן אויסדריק. אויב מיר וואָלטן געוואָלט כאַראַקטעריזירן פּושקינס ליד מיט איין וואָרט, וואָלטן מיר געזאָגט, אַז דאָס איז איבערהויפּט א פּאָעטישע, קינסטלערישע, אַרטיסטישע ליד,—מיט דעם וואָלטן מיר אַנטשיידט דעם סאָד פונעם פּאַפאָס פון דער גאַנצער פּאָעזיע פּושקינס...

... דער דאָזיקער פּאָעטישער נאַטור האָט גאָרניט געשטערט צו זײַן א בירגער פון דער גאַנצער וועלט און אין יעדער ספערע פונעם לעבן זײַן ווי בא זיך אין־דערהיים; דאָס לעבן און די נאַטור, ווו ער זאָל זיי ניט האָבן באַגעגנט, האָבן זיך פרײַ און גערן געלייגט אַפן לײַוונט אונטער זײַן פּענדזל.

... דער אַלגעמיינער קאָלאָריט פון פּושקינס פּאָעזיע און באַזונדערס פון זײַן לירישער—איז די אינערלעכע שיינקײַט פונעם מענטשן און די הומאַניטאַרישקײַט, וואָס צערטלט די נעשאָמע. דערצו וועלן מיר צוגעבן, אַז אויב יעטווידער מענטשלעכער געפיל איז שוין צוליב דעם אַליין שיין, וואָס ער איז א מענטשלעכער (און ניט קיין כײַישער), איז בא פּושקינען יעדער געפיל נאָך שיין, אַלס א געפיל א שיי־

נער. מיר האָבן דאָ אין זינען ניט די פּאָעטישע פאָרם, וואָס איז בא פּושקינען שטענדיק העכסט שיין; ניין, יעדער געפיל, וואָס ליגט אין גרונט פון זײַן יעדער ליד, איז שיין, גראַציעז און ווירטואָזיש אליין פאר זיך: דאָס איז ניט פּאָשעט א געפיל פון א מענטשן, נאָר א געפיל פון א מענטש—א קינסטלער, א מענטש—אן ארטיסט. עס איז שטענדיק פאראן עפּעס א באזונדערס אײדעלע, באַשײדענע, צארטע, דופטיקע און גראַציעזע אין יעדער געפיל פּושקינס. אין דער הינזיכט, קען מען, לייענענדיק זײַנע לידער, גלענצנדיק דערציִען אין זיך א מענטש, און אזא לייענען איז באזונדערס נוצלעך פאר יונגע מענטשן פון ביידע געשלעכטן, קיינער פון די רוסישע פּאָעטן קען ניט זײַן אזויפיל וויפל פּושקין א דערציִער פון דער יוגנט, א שעפער פונעם יונגן געפיל. `זײַן פּאָעזיע איז פרעמד דאָס פאנטאסטישע, טרוימערישע, פאלשע, געשפּענסטלעך־אידעאלע; זי איז דורכגעדרונגען אָפּ דורך און דורך מיט דער ווירקלעכקײַט, זי לייגט ניט אָרופ אפּן פּאָנים פונעם לעבן קיין קראָכמאל און פארבן, נאָר ער ווײַזט אים אין זײַן נאטירלעכער, עמעסער שיינקײַט; אין דער פּאָעזיע פון פּושקינען איז פאראן א הימל, נאָר ער איז שטענדיק דורכגעדרונגען מיט דער ערד".

(װ. ג. בעלינסקי „די ווערק פון אלעקסאנדער פּושקין" ארטיקלען פון 1846—1843 י.).

# נ. ג. טשערנישעווסקי

„עס וועלן דורכגיין יאָרן, איידער אנדערע ליטעראַרישע דערשײַנונגען וועלן ענדערן די איצטיקע באגריפן פון דעם פּובליקום וועגן דעם פּאָעט, וועלכער וועט אָפּ שטענדיק בלײַבן גרויס...

... ריידנדיק וועגן דער באדײַטונג פון פּושקינען אין דער געשיכטע פון דער אנטוויקלונג פון אונדזער ליטעראַטור און געזעלשאפט, דארף מען קוקן ניט אָפּ דעם, אין וואָס פארא מאָס עס זײַנען אויסגעדריקט אין זײַנע ווערק די פארשיידענע שטרעמונגען, וואָס באגעגענען זיך אָפּ די אנדערע שטאפּלען פון דער אנטוויקלונג פון דער געזעלשאפט, נאָר נעמען אין אכט די אומבאדינגטע באדערפעניש סײַ פון דער דעמלטיקער און סײַ אפילע פון דער איצטיקער צײַט—די באדערפעניש פון די ליטעראַרישע און הומאניסטישע אינטערעסן בכלל. אין דער הינזיכט איז די באַדײַטונג פון פּושקינען אומגעהויער גרויס. דורך אים איז זיך פאנאנדערגעפלאָסן די ליטעראַרישע בילדונג צו צענדליקער טויזנט מענטשן, אינדערצײַט ווען ביז אים האָבן די ליטעראַרישע אינטערעסן באשעפטיקט בלויז אייניקע. ער האָט דער ערשטער בא אונדז דערהויבן די ליטעראַטור צו דעם ווערט פון א נאַציאָנאַלער זאך, אינדערצײַט ווען פריִער איז זי געווען, לויטן געלונגענעם אויסדרוק פון איינעם פון די אלטע זשורנאלן, „אן אָנגענעמער און נוצלעכער צײַט־פארווײַל" פאר אָן ענגן קרײַז דילעטאנטן. ער איז געווען דער ערשטער פּאָעט, וועלכער האָט זיך געשטעלט פאר די אויגן פון דעם גאנצן רוסישן פּובליקום אָפּ יענעם הויכן אָרט, וואָס עס דארף פארנעמען אין זײַן לאנד א גרויסער שרײַבער.

... נאָר דער קינסטלערישער געני פון פּושקינען איז אזוי גרויס און שיין, אז כאָטש די עפּאָכע פון אומבאדינגטן באפרידיקן זיך מיט ריינער פאָרם איז פאר אונדז אריבער, קענען מיר ביז איצט ניט ניט פארכאפּן זיך מיט דער וווּנדערלעכער

קינסטלערישער שיינקייט פון זיינע שאַפונגען. ער איז אַן עמעסער פּאָעטער פון אונדזער פּאָעזיע, ער איז אַ דערציִער פונעם עסטעטישן געפיל און ליבע צו דער נאָוועלע, פון עסטעטישע פאַרגעניגנס בא דעם רוסישן פובליקום, וועמעס מאַסע איז זייער באַדייטנדיק אויסגעוואָקסן, — אָט איז זיין רעכט אַף אייביקן רום אין דער רוסישער ליטעראַטור".

(נ. ג. טשערנישעווסקי „די ווערק פון פּוש־קינען" ב. 1,2—1855 י. ס.פּ. ב.).

## נ. א. דאָבראָליובאָוו

„די באַדייטונג פון פּושקינען איז גרויס ניט בלויז אין דער געשיכטע פון דער רוסישער בילדונג. ער האָט דער ערשטער צוגעוווינט דאָס רוסישע פּובליקום צו ליי־ענען, און אין דעם באַשטייט זיין גרעסטער פאַרדינסט. אין זיינע לידער האָט זיך צוערשט געלאָזט הערן פאַר אונדז אַ לעבעדיקע רוסישע שפּראַך, צוערשט האָט זיך פאַר אונדז געעפנט די ווירקלעכע רוסישע וועלט. אַלע זיינען געווען באַצויבערט, אַלע זיינען פאַרכאַפּט מיט די מעכטיקע קלאַנגען פון דער דאָזיקער ניט־געהערטער ביז יענער צייט פּאָעזיע...

... דערצויגן אין דער מישפּאָכע און אינעם לעבן; לערנענדיק זיך אין יענער צייט, ווען נאָך די געשעענישן פון דער פּאַטערלענדישער מילכאָמע האָבן די רוסן אָנגעהויבן קומען צום באַוווסטזיין; האָבנדיק די געלעגנהייט צו קומען אין באַרירונג מיט אַלע קלאַסן פון דער רוסישער געזעלשאַפט,—האָט פּושקין געקענט באַנעמען די עמעסע באַדערפעענישן און דעם עמעסן כאַראַקטער פונעם פאָלקס־שטייגער. ער האָט זיך צו־געקוקט צו דער רוסישער נאַטור און צום לעבן און האָט געפונען, אַז אין זיי איז פאַראַן פיל, וואָס איז עמעסדיק גוט און פּאָעטיש. אַליין אַ באַצויבערטער פון דער דאָזיקער אַנטציקונג, האָט ער זיך גענומען צו שילדערן די ווירקלעכקייט, און די מאַסע האָט מיט באַגייסטערונג אויפגענומען די דאָזיקע וווּנדערלעכע שאַפונגען, אין וועלכע זי האָט געהערט אַזויפיל אייגנס, באַקאַנטס, וואָס זי האָט שוין לאַנג געזען, נאָר אין וואָס זי האָט קיינמאָל ניט כוישעד געווען אַזויפיל פּאָעטישן פּראַכט. און פּושקין האָט זיך אָפּגערופן אַף אַלץ, אין וואָס עס האָט זיך אַנטפּלעקט דאָס רוסישע לעבן; ער האָט אַרומגעקוקט אַלע זיינע זייטן, אַרומגעשפּירט אַלץ אין אַלע פּאַזעס, אין אַלע טיילן, ניט אָפּגעבנדיק זיך קיין זאַך אויסשליסלעך...

... ער האָט ניט אָנגעהערט צו דער צאָל פון יענע טיטאַנישע נאַטורן, וואָס זיי־ענדיק פאַרשיקערט פון דער אייגענער אינטעלעקטועלער הויך, שטעלן זיי זיך אין זייער איינזאַמער גרויסקייט איבער דער מאַסע, ניט צונויגנדיק זיך צו אירע באַג־ריפן, ניט דערוועקנדיק אין איר קיין מיטגעפיל, צופרידענע בלויז מיט דער אייגע־נער קראַפט. ניין, פּושקין איז געגאַנגען לויטן ניוואָ פון זיין צייט... אַנדערש וואָלט מען ניט געקענט דערקלערן יענעם ריזיקן דערפאָלג, וועלכן ער האָט געהאַט בא דעם פּובליקום".

(נ. א. דאָבראָליובאָוו — אַרטיקל „אַלעקסאַנדער סערגייעוויטש פּושקין").

# צ. אָ. „פּראַווּדאַ“

... „אינעמ לאַנד פונ דער מעכטיק־פאַנאַנדערבליִענדיקער סאָציאַליסטישער קול־טור איז דאָס פײַערנ דעמ אָנדענק פונעמ גרויסנ פּאָעט אַ געזעלשאַפטלעכע זאַכ, אַ מעלוכע־איניענ. די פּאַרטיי באָלשעוויקעס און די סאָוועטישע מעלוכע נעמענ אָפּ זיכ די איניציאַטיוו און אָנפירונג אינ דער דאָזיקער ריזיק־וויכטיקער זאַכ.

... פּושקינ איז נאָענט מיליאָנענ מענטשנ אינעמ סאָוועטישנ לאַנד, און מיט דעמ באַשטעטיקט זיכ דער טיפ־פאָלקישער, דער עמעס־נאַציאָנאַלער זינ פונ זײַנ שאַפנ.

... פּושקינ איז דעריבער טאַקע געוואָרנ דער שעפער פונ דער רוסישער ליטעראַרישער שפּראַכ, ווײַל ער האָט גענִיאַל אויסגענוצט די שפּראַכ פונ פאָלק — אָט דעמ גרויסנ אויצער־קוואַל זײַנעמ. פּושקינ איז דעריבער טאַקע געוואָרנ דער שטאַמ־פאָטער פונ דער נײַער רוסישער ליטעראַטור, ווײַל ער האָט באַרײַכערט די קולטור מיט ווערק, אינ וועלכע ער האָט מיט אַ ריזיקער קינסטלערישער קראַפט אויסגעדריקט די געדאַנקענ, געפילנ, טרוימענ פונ די בעסטע זינ פונעמ רוסישנ פאָלק.

די פּאָעטישע געשטאַלט פונ פּושקינענ אַנטפּלעקט זיכ פאַר די פעלקער פונ סאָוועטנפאַרבאַנד גראַדע אינ אַזאַ צײַט, ווענ אינ דער סטאַלינישער קאָנסטיטוציע איז מיט דער האַנט פונעמ גענִיאַלנ דענקער און קעמפער דעמ כאַווער סטאַלינ פאַרשריבנ די געדאַנקענ, געפילנ, טרוימענ פונ די בעסטע זינ פונעמ פאָלק, אַלס זיגנ, וואָס זײַנענ שוינ דערגרייכט דורכנ אַרבעטער־קלאַס און אַרבעטנדיקנ פּויערטומ. מיט אויפ־מערקזאַמקײַט און ליבע קוקט זיכ אַרומ דער פאָלק־באַלעבאָס אָפ זײַנ פאַרגאַנגענ־הײַט. עס אַנטפּלעקנ זיכ פאַר אימ די דענקמעלער פונ זײַנ קאַמפּ, לעבנ און שאַפנ פונ די עלטסטע צײַטנ אָנ.

צי קענ דאָס זיגער־פאָלק ניט זײַנ דאַנקבאַר זײַנ גרויסנ זינגער, דעמ גענִיאַלנ פּאָעט, וועלכער האָט אינ באַצויבערנדיקע לידער באַזונגענ דאָס לאַנד, האָט מיט לע־בעדיקע פאַרבנ געשילדערט פאָלקס־כאַראַקטערנ, האָט דערוועקט סימפּאַטיעס צו די פירער פונ די פּויערישע אויפשטאַנדנ, האָט אַנטדעקט די רײַכקײַטנ פונ דער רוסישער שפּראַכ? ניינ, די ליבע צו זײַנ לאַנד, די ליבע צו דער רומפולער פאַרגאַנגענהײַט פונ זײַנ פאָלק איז ענג פאַרבונדנ מיט דער ליבע צו דער רוסישער ליטעראַטור, מיט דער ליבע צו פּושקינענ“.

(לייטאַרטיקל פונ „פּראַווּדאַ“ — „פאַר די פּושקינ־טעג“, 5־טער יאַנוואַר 1937 י.).

י. בראָנשטײנ

# דער גרויסער דיכטער פונעמ רוסישנ פאָלק

1

סטענדאל האָט אמאָל געזאָגט: מײַנ לײענער װעט קומענ אינ 100 יאָר ארום.

די גרעסטע מײַסטער פונ דער װעלט־ליטעראטור האָבנ זײערע גאנצע יאָרנ זיכ לײדנשאפטלעכ געצויגנ צו אָט דעמ װײַטנ, בעגארטנ לײענער—דעמ עכטנ לײענער, דעמ לײענער פונעמ פאָלק.

קײנשומ קלאסנ־געזעלשאפט איז ניט געװענ אימשטאנד רעאליזירנ אָט דעמ טרוימ פונעמ מײַסטער. דאָס פאָלק—פארקװעטשט אונטערנ יאָכ פונ עקספּלואטאציע, בארויבט פונ מענטשלעכע רעכט, הונגעריק אונ פארפינצטערט—איז געװענ אָפּגעטײלט, װי מיט א כינעזישער װאנט, פונעמ מײַסטער, פונקט אזוי װי ער, דער מײַסטער, פלעגט פײַנלעכ זוכנ דעמ װעג צומ פאָלק, צו די קװאלנ פונ פאָלק־שאפנ.

מיט דער זעלבער לײדנשאפט פונ א מײַסטער, װאָס טרוימט װעגנ אָט דעמ עכטנ פאָלקס־לײענער, האָט פושקינ אינ זײַנ ליד „דער דענקמאָל" געטרוימט, אז קומענ װעט א צײַט אונ:

Слух обо мне пройдет по всей Руси великой
И назовет меня всяк сущий в ней язык
И гордый внук славян, и фин и ныне дикой
Тунгус, и друг степей—калмык

דעריבער זײַנענ אזוי װונדערבאר אָט די באגעגענישנ צװישנ אונדזער באפרײַטנ סאָציאַליסטישנ פאָלק מיט די מײַסטער פונ דער װעלט־ליטעראטור. דעריבער זײַנענ אזוי אומפארגעסלעכ, פרײדיק אונ באגײַסטערט די באגעגענישנ פונ אונדזער סאָציאַליסטיש פאָלק מיט פושקינענ.

אפ די שפאלטנ פונ „פראװדא" האָט דאָ ניט לאנג א געװעזענער סיבירער רויטער פארטיזאנ—פעטראָװ דערצײלט א װונדערבארע געשיכטע װעגנ דעמ װיאזוי אינ 1918 י. האָבנ רויטע סיבירער פארטיזאנער געלײענט פושקינענ.

אינ א פארװאָרפענעמ העק פונ סיבירער טײַגע האָבנ זיכ צונויפגעזאמלט פארטיזאנער—לעגענדאריש־העראָיִשע זינ פונ סאָװעטישנ פאָלק.

עס האָבנ זיכ נאָכ ניט אָפּגעקילט די אָנגעגליטע ביקסנ. עס איז נאָכ ניט אָפּגעװישט געװאָרנ דער פּולװער־רויכ פונ די געזיכטער. אָבער די פארטיזאנער האָבנ אינ זײער רעשוס געהאט געצײלטע שאָענ פרײַע צײַט. עס האָט א זעצ געטאָנ די הארמאָניק. עס האָבנ זיכ א לאָז געטאָנ פארטיזאנער אינ טענצ. דערנאָכ איז פונ קרײַז ארויס דער פארטיזאנער ראָגאָזינ, ארויסגעשלעפּט פונ זײַנע צעפליקטע פּלײדערנ א צעשאָטנ בענדל פושקינס לידער אונ אָנגעהויבנ לײענענ.

דאָס איז געווען א מערקווירדיקע אאודיטאָריע!

די פארטיזאנער, דערציילט פעטראָוו, זײַנען געזעסן מיט שמייכלענדיקע אנטציקטע געזיכטער, זיי האָבן מיט אָפענע מײַלער געקוקט אפן לייענער. דער לייענער, דער פאר־טיזאנער ראַגאָזין, האָט דעקלאמירט פון פושקינס „פּאָלטאווע“, „יעווגעני אָניעגין“, „קיין סיביר“ א. א. וו.

וואָס האָבן געזוכט אָט די פּארטיזאנער, די שלאכטן פאר מאלט פּאראויעט זיך פון דער רעוואָלוציע אין די ווײַטע, דיכטערישע סטראָפעס פון גאָר א ווײַטן, וואָלט זיך אויס־געדוכט, אוּן א פרעמדן לויט דער קולטור, לויט דער דערציִונג, לויט דער סאָציאַלער לאגע—פון פושקינען? וואָס האָט געצויגן אָט די סיבירער פארטיזאנער צו „פּאָלטאווא“ צו „יעווגעני אָניעגין“?

און אָט—נאָך א באגעגעניש.

פארוואָרפן אפן ווײַטן צאָפן, אפ אן אײַז־שטיק, וואָס האָט זיך בוכשטעבלעך געבראָכן אונטער די פיס און יעדע מינוט געדראָט מיט אומקום, פלעגן די טשעליוסקינצעס זיך פארקלײַבן אין א בײַדל און לייענען פושקינס לידער פון אן איינציקן בענדל, וואָס האָט זיך צופעליק פארוואלגערט בא איינעם פון די טשעליוסקינצעס.

וואָס האָבן געזוכט אָט די אָפּגעבריגטע אין אלע פאָליארער פרעסט, שטרענגע, פאר־הארטעוועטע זין פון אונדזער סאָוועטישער ארקטיק אין די ווײַטע דיכטערישע סטראָפעס פון גאָר א ווײַטן, וואָלט זיך אויסגעדוכט, און פרעמדן לויט דער קולטור, לויט דער דערציִונג—בא פושקינען?

און נאָך א באגעגעניש:

אין א קאָלווירט איז געקומען צופאָרן אן אקטריסע—א פאָרלייענערן פון פושקינס לידער. זי האָט געלייענט דעם „קארגן ריטער“, נאָר פלוצלינג האָט זי זיך פארהאקט, זי האָט, ווי עס שײַנט, פארגעסן דעם טעקסט. דענסטמאָל האָט זיך אופגעהויבן פון די הינ־טערשטע רייען א בערדיקער קאָלווירטניק און איר אונטערגעזאָגט. ער האָט אפ אויסווייניק פאָרגעזעצט דעם טעקסט.

וואָס האָט געזוכט אָט דער בערדיקער קאָלווירטניק אין די ווײַטע, דיכטערישע סטראָ־פעס פון גאָר א ווײַטן, וואָלט זיך אויסגעדוכט, און א פרעמדן לויט דער קולטור, לויט דער דערציִונג, לויט דער סאָציאַלער לאגע—בא פושקינען? פארוואָס האָט דער דאָזיקער קאָלווירטניק, וועלכער האָט, מעגלעך, עפשער גאָר ניט לאנג ליקווידירט זײַן אָמעראַצעס, אין דער פרײַער צײַט פון אָנגעשטרענגטער קאָלווירטישער ארבעט געכאזערט אפ אויס־ווייניק טעקסטן פון פושקינען?

ענטפערן אפ דער דאָזיקער פראגע הייסט — לייזן די גרונט־פּראָבלעם פון פושקינס שאפונג, די פראָבלעם פון זײַן פאָלקישקײַט. עס הייסט קלאָר מאכן, פארוואָס האָט פּוש־קין געטרוימט וועגן דעם, אז צו זײַן דענקמאָל „זאָל ניט פארוואָקסן ווערן דאָס שטעג פון פאָלק“ און פארוואָס איז אָט דער דאָזיקער טרוים זײַנער אזוי פּרעכטיק פארווירקלעכט געוואָרן אין אונדזער סאָציאַליסטיש לאנד.

לענין האָט אין זײַן ארטיקל „לעוו טאָלסטאָי אלס שפּיגל פון דער רוסישער רעוואָ־ליוציע“ געשריבן:

„און אויב פאר אונדז איז בעעמעס א גרויסער קינסטלער, איז כאָטשבי אייני־ניקע פון די וועזנטלעכע זײַטן פון דער רעוואָליוציע האָט ער געמוזט אָפּשפּיגלען אין זײַנע ווערק“.

יאָ, מע קאָנ ניט זײַנ קײנ גרױסער מײַסטער פונ מענטשלעכער קולטור, אויב מע שפּיגלט ניט אָפּ אינ דער שעפֿערישער ארבעט כאָטש אײניקע פונ די װעזנטלעכע זײַטנ פונ דער רעװאָליוציע.

אָבער אָפּשפּיגלענ אָטאָ די װעזנטלעכע זײַטנ פונ דער רעװאָליוציע הײסט—קױדעם־קאָל אָפּשפּיגלענ דאָס פאָלק—אָטאָ די אײנציקע שעפֿערישע קראַפֿט פונ דער מענטשלעכער געשיכטע, אָפּשפּיגלענ דאָס לעבנ פונ מיליאָנענ, זײערע געפֿילנ, געדאַנקענ אונ האָפֿענונגענ.

װי יעדער גרױסער מײַסטער, האָט אױכ פושקינ זײַנ גאַנצנ לעבנ זיכ געצױגנ צו די קװאַלנ פונ פאָלקישנ שאַפֿנ, צומ פאָלק. ער האָט װײטיקדיק, אמאָל קלאָר, אמאָל פאַר־נעפּלט, לײדנשאַפֿטלעכ געזוכט צו אימ א װעג אינ מעשעכ פונ זײַנ גאַנצנ טראַגישנ לעבנ. אָבער אָט דער דאָזיקער װעג איז א װעג פול מיט אינערלעכע װידערשפּרוכנ, בעעמעס א טראַגישער װעג! מיט גראָדע סאָציאָלאָגישע סכעמעס איז אומעגלעכ אָט די פּראָבלעמ צו לײזנ.

אָט נעמענ כאָטשבי אזא בײַשפּיל. דעמ 5־טנ יול 1836 י. ד. ה. קימאַט שױנ אפנ שװעל פונ זײַנ טראַגישנ אומקומ, האָט פושקינ געשריבנ אינ זײַנ ליד:

Зависеть от властей, зависеть от народа —
Не все ли нам равно? Бог с ними. Никому
Отчета не давать, себе лишь самому
Служить и угождать, для власти, для ливреи
Не гнуть ни совести, ни помыслов, ни шеи...
— — — — — — — — — — —
Вот счастье! вот права!

צװישנ פושקינס לידער איז עס אָנ שומ סאָפֿעק אײנע פונ יענע, װאָס גײענ גאַנצ שאַרפֿ אונטערנ צײַכנ פונעמ דיכטערס אינדיװידואַליסטישע זוכענישנ. אָבער דעמזעלבנ 5־טנ יול האָט פושקינ אָנגעשריבנ זײַנ ליד „Мирская власть“, װו דער דיכטער שטורעמט מיט א מעכטיקער קראַפֿט פונ סאַרקאַזמ דעמ רעאַקציאָנערנ בלאָק פונ זעלבסט־הערשאַפֿט אונ צערקװע, װעלכער איז געװענדעט קעגנ פאָלק:

Но у подножия теперь креста честного,
Как будто у крылца правителя градского,
Мы зрим—поставлено на место жен святых
С ружьем и в кивере два грозных часовых
К чему, скажите мне, хранительная стража?
Или распятие—казенная поклажа,
И вы боитеся воров, или мышей?..
— — — — — — — — — — —
Иль опасаетесь, чтоб чернь не оскорбила
Того чья казнь весь род Адамов искупила
И чтоб не потеснить гуляющих господ
Пускать не велено сюда простой народ?

די געשטאַלט פונעמ „פראָסטנ פאָלק“ שטייט פאר פושקינענ. ער קענ זיכ ניט באַפרײַענ פונ זײַנ צויבער, פונ זײַנ שטרענגער גרויסקײַט.

ווו איז דאָס צופעליקע אינ פושקינס שעפערישנ. וועג אונ ווו איז די גרונט־מאַגיסט־ראַל — אָט דאָס דארפ דערקלערנ דער פאָרשער פונ פושקינס גרויסער ליטעראַרישער ירושע.

נאָכ אינ 1907 י. האָט אָפּ דעמ געגעבנ א גלענצנדיקנ ענטפער א צווייטער ריז פונ דער רוסישער אונ וועלט־ליטעראַטור גאָרקי.

אינ זײַנ ארטיקל וועגנ פושקינענ, וואָס איז ערשט ניט לאנג פארעפנטלעכט געוואָרנ, האָט גאָרקי געשריבנ וועגנ פושקינענ:

„פושקינ איז פאר דער רוסישער ליטעראַטור דאָס זעלבע גרויס ווי לעאָנארדא דא ווינטשי פאר דער אייראָפּייִשער קונסט. מיר דארפנ קאָנענ אָפּטיילנ פונ אימ דאָס, וואָס עס איז פאר אימ צופעליק, דאָס, וואָס דערקלערט זיכ מיט באַדינגונגענ פונ צײַט אונ פערזענלעכע געיאַרשנטע אייגנשאַפטנ — אלצ, וואָס איז פונ אדל, אלצ וואָס איז צײַטווײַליק — דאָס איז נישט אונדזערס, דאָס איז פרעמד אונ אונדז ניט נייטיק. אָבער טאקע דעמלט ווענ מיר ווארפנ אָפּ דאָס אלצ אָנ א זײַט, — טאקע דעמלט שטייט אופ פאר אונדז דער גרויסער רוסישער פאָלקס־פּאָעט, דער שעפער פונ מײַסעס, וואָס רייצנ מיט זייער שיינקײַט אונ קלוגשאַפט. דער אווטאָר פונ ערשטנ רעאַליסטישנ ראָמאנ „יעווגעני אָניעגינ“, דער אווטאָר פונ אונדזער בעסטער היסטאָרישער דראַמע „באָריס גאָדונאָוו“.

ווײַטער אינעמ זעלבנ ארטיקל שטרײַכט אונטער גאָרקי, אז פושקינס גרויסקײַט באַשטייט טאקע אינ דעמ, וואָס אינ זײַנע בעסטע ווערק האָט ער זיכ געקענט אופהויבנ איבער דאָס צײַטווײַליקע אונ צופעליקע. „ס'איז אָנ שומ סאָפק, שרײַבט גאָרקי, אז פושקינ איז אנ אדעליקער — ער האָט אליינ א געוויסע צײַט זיכ געגרויסט מיט דעמ, — אָבער אונדז איז וויכטיק צו וויסנ, אז שוינ אינ זײַנע יוגנט־יאָרנ האָט ער דערפילט די ענגשאַפט אונ פארשטיקטקײַט פונ די אדל־טראַדיציעס, ער האָט פארשטאַנענ די אינטעלעקטועלע אָרעמקײַט פונ זײַנ קלאַס, זײַנ קולטור־שוואכקײַט אונ דאָס אלצ אָפּגעשפיגלט — דאָס גאַנצע לעבנ פונעמ אדל, זײַנע אלע מיִעסע זײַטנ, שוואכקײַטנ — מיט אנ אויסערגעוויינלעכער ריכטיקײַט“.

ס'איז גענוג טאקע צו באַקענענ זיכ שוינ מיט פושקינס יוגנט־לידער, קעדיי איבערצײַגנ זיכ, אז אָט דער היציקער, ברויגער ליצעיִסט, מיטנ געקרײַזלטנ קאָפּ האָר, מיט די שעדישע פלעמעלעכ אינ די אויגנ, אז אָט דער יונגער פושקינ האָט שוינ דענסטמאָל זיכ געריסנ ארויס אפ דער פרײַ. אינ זײַנע יוגנטלעכע, אזויגערופענע וואַכישע געזאַנגענ, אינ וועלכע אָט דער 15־16־17־יאָריקער דיכטער רופט זײַנע כאַווירימ צו פרייד, צו ווײַנ, צו פרײַעמ געדאַנק, קענג וועלכנ עס קענ ניט בײַשטיינ קיינשומ פּאַלשקײַט. אינ אָט די דאָזיקע לידער טרעפט איר שוינ יענע באַהאַלטענע דיכטערישע אָנצוהערעניש, אז נישט אינ די רײַכע פאַלאַצנ, נישט בא דער טעמפער טשאַטע הויפ־לײַט, צווואַקישע, פארקויפטע טיטל־לײַט איז דעמ דיכטערס אָרט.

דער יונגער פושקינ קאָנ נישט גלײַכגילטיק פארבײַגיינ די טרויעריקע געשטאַלט פונ זײַנ פארשקלאַפּט פאָטערלאַנד. ער קאָנ נישט נישט זענ אָט די „ווילדע פריצימ, וואָס

פאַרשקלאַפּנ מיט צוואַנגס־דרוס „אי די מי, אי דאָס אײגנטום, אי די צײַט פונעם פּויער“.
אינ 1819 י. שרײַבט אָנ פּושקינ זײַנ באַרימט ליד „דאָס דאָרף“.

בינ איצט איז שווער אָנ רעגונג צו לײענענ אָט די דאָזיקע שורעס.

Здесь барство дикое, без чувства, без закона
Присвоило себе насильственной лозой
И труд, и собственность и время земледельца.

אינ זײַנע לידער פונ אָט דעמ יוגנט־פּעריאָד—„אינ קינזשאַל“, אינ דער „אָדע וועגנ פרײַהײַט“, אינ א גאַנצע רײ אומלעגאַלע רעוואָליוציאָנערע סאַטירישע לידער, געווענדעט קעגנ דער זעלבסטהערשאַפט, קעגנ אַלעקסאַנדער דעמ ערשטנ גופע—אינ אָט די דאָזיקע אַלע לידער שטײט אויפ דער יונגער דיכטער אַלס דער בעסטער זונ פונעמ העראָישנ רוסישנ פאָלק.

אומאָפּהענגיק פונ פּושקינס מעסיקע פּאָליטישע אידעאַלנ, האָבנ אָט די דאָזיקע אַלע לידער געווירקט דענסטמאָל מיט דער קראַפט פונ עכטע רעוואָליוציאָנערע פּראָקלאַמאַציעס. אויסצוגנ פונעמ ליד „שעניע“, וואָס אינגאַנצנ גענומענ איז עס א ליד, וואָס איז קעגנ־געשטעלט דעמ יאַקאָביניזמ אינ דער פראַנצויזישער בורזשואַזער רעוואָליוציע,—זײַנענ ווי באַקאַנט פאַרשפּרײט געוואָרנ אונטערנ קעפּל „14־טער דעקאַבער“ אַלס דעקאַבריסטישע רעוואָליוציאָנערע פּראָקלאַמאַציעס און האָבנ דערנאָכ ארויסגערופנ אפילע א פּראָצעס קעגנ פּושקינענ.

אָבער ניט בלויז אינ אָט די האַלב־לעגאַלע און אומלעגאַלע לידער און עפּיגראַמעס האָט זיכ געפילט אָט דער וווּנדערבאַרער שטײַגנ פונ א דיכטער, וואָס ציט זיכ צומ פאָלק.

פּושקינ איז ארויסגעטראָטנ אַלס בעאײנישער אָנהויבער פונ דער מאָדערנער רוסישער ליטעראַרישער שפּראַכ, פונ דער רוסישער ליטעראַטור. זײַנ ערשטע גרויסע פּאָעמע „רוסלאַנ און ליודמילאַ“ איז געווענ ניט בלויז פּאָלעמיש פאַרשאַרפט קעגנ דער דעמלסטי־קער ראָמאַנטישער שול און אָנגעצויגענער פּריצישער פּסעוודאָ־קלאַסיק. עס איז גע־וועזנ אנ ארויסרופ דעמ גײַסט פונ אנטיפאָלקישקײַט, וואָס האָט גע־הערשט אינ דער פאַרפּושקינישער ליטעראַטור. עס איז געווענ אנ ארויסרופ די אַלע, וואָס האָבנ אויסגעגראָבנ אנ אָפּגרונט צווישנ דער שפּראַכ פונ פאָלק און דער שפּראַכ פונ דער ליטעראַטור, צווישנ דער פאָלק־שאַפונג און דער ליטעראַרישער שאַפונג.

ווי נאָר עס איז דערשינענ די פּאָעמע „רוסלאַנ און ליודמילאַ“ האָט אײנער א קרי־טיקער פונ די קאָנסערוואַטיווע פּריצישע קרײַזנ וועגנ דעמ געשריבנ:

„ווענ אינ מאָסקווער אדל־קלוב וואָלט„ ווי ניט איז זיכ ארײַנגעשמוגלט (איכ דערלאָז דאָס, וואָס איז אומעגלעכ) א גאַסט מיט א באָרד, אינ א טולופּל, אינ לאַפּטיעס און וואָלט א געשרײ געטאָנ מיט א הילכיקער שטימ: זדאָראָוואָ, כעווּרע—צי וואָלטנ מיר בעקליבנ נאַכעס פונ אזא שפּאַס־יונג“.

פּושקינס שפּראַכ, זײַנ פּאָעטיק,—וואָס האָבנ גענערט זיכ פונ די קוואַלנ פונ פאָלק־שאַפונג, פונ פאָלקס לעבנ האָט ווילד אָפּגעקלונגענ אינ די ליטעראַרישע אדל־סאַלאָנענ. עס האָט זיכ אויסגעדוכט — א פּויער אינ א טולופּ, אינ לאַפּטיעס האָט זיכ ארײַנגעריסנ אינ דער ליטעראַטור.

דער יונגער פושקינ האָט מיט ליידנשאפט זיכ געוואָרפנ אינ קאמפ פאר פאָלקישקײַט אינ דער ליטעראטור. זײַנ ארײַנפיר צו „יעווגעני אָניעגינ" פארמאָגט ניט צופעליק אָט די שורעס:

Прими собрание пестрых глав
Полусмешных, полупечальных,
Простонародных, идеальных

אינ די באמערקונגענ צו „יעווגעני אָניעגינ" ווײַזט אָנ פושקינ, אז ער האָט געהאט אויסצושטיינ א גאנצ שארפנ געשלעג מיט דער אריסטאָקראטישער קריטיק, וועלכע פלעגט שאָקירט ווערנ פונ זײַנע האמוינישע אויסדריקנ. „אינ די זשורנאלנ פלעגט מענ זיכ כי־דעשנ, שרײַבט פושקינ, וויִאזוי קאָנ מענ עס אָנרופנ „Дева" א פּאָשעטע פויערטע, אינ־דערצײַט, ווענ אריסטאָקראטישע פרײַלנס ווערנ ווײַטער אָנגערופנ „Девченки".

מע האָט זיכ געטשעפּעט צו א גאנצע ריי עכטע פאָלקס־אויסדריקנ Хлоп, молвь, топ וואָס פושקינ האָט דירעקט געשעפּט פונ פאָלקלאָר. פושקינ האָט דערופ געענטפערט מיט זײַנ לאָזונג: „מע דארפ ניט שטערנ דער פרײַהײַט פונ אונדזער רײַכער אונ שיינער שפראכ".

אינ 1825 י. שרײַבט פושקינ אנ ארטיקל וועגנ פאָלקישקײַט אינ דער ליטעראטור. אינעמ דאָזיקנ ארטיקל גרענעצט זיכ אָפּ פושקינ פונ אָט די אלע קאזיאָנע פאטריאָטישע פאָלקיסטנ, פאר וועלכע פאָלקישקײַט איז אנ אויסערלעכער יארליק. פושקינ שרײַבט:

„איינער פונ אונדזערע קריטיקער מיינט, דוכט זיכ, אז פאָלקישקײַט באשטייט אינ אויסקלײַבנ קעגנשטאנדנ פונ פאָטערלענדישער געשיכטע, אנדערע זעענ אײַנ פאָלקישקײַט אינ ווערטער ד. ה., זיי פרייענ זיכ דערמיט, וואָס ריידנדיק רוסיש באנוצנ זיי רוסישע אויסדריקנ".

פושקינ שטעלט די פראָבלעמ אסאכ טיפער. ער שטעלט די פראָבלעמ פונ א באזונ־דערער נאציאָנאלער פיזיאָנאָמיע, וואָס ווערט באדינגט, ווי ער זאָגט, פונעמ קלימאט, פונ דער רעגירונג־פאָרמ, פונ גלויבנ א. א. וו.

אינעמ פאָלקלאָר, אינ דער לעבעדיקער שפראכ פונ פאָלק, אינ די זיטנ אונ שטייגער פונ פאָלק, אינ די געדאנקענ, געפילנ פונעמ פאָלק האָט פושקינ געזוכט דאָס, וואָס ער האָט אָנגערופנ פאָלקישקײַט אינ דער ליטעראטור.

פושקינ האָט דער ערשטער אינ דער רוסישער ליטעראטור דערזענ אינעמ פאָלק־שאפנ דעמ קוואל פונ עכטער קונסט. דעריבער פלעגט ער מיט אזא ברענ קלײַבנ פאָלקס-לידער, פאָלקס־מײַסעס, פאָלקס־ווערטער. דעריבער פלעגט ער אויספרווונ זײַנע נאָרוּאָס אָנגעשריבענע שורעס אפ זײַנ ניאניע ארינא ראָדיאָנאָוונא. דעריבער האָט ער פארשריבנ אינ זײַנע נאָטיצנ, אז „סטעפּאנ ראזינ איז די איינציקע פּאָעטישע פיגור אינ רוסלאנד" אונ זאָרגזאמ בעקליבנ דעמ ראזינישנ פאָלקלאָר, באארבעט אימ אונ געדרוקט. דעריבער פלעגט פושקינ בײַמ זײַנ פארשיקונג אפ דאָרעמ אונ אינ דאָרפ מיכײַלאָווסקאָיע איבערטאָנ זיכ אינ פויערישע קליידער אונ ארומשפאנענ צווישנ פארזאמלטנ אוילעמ אפ די מערק־פלעצער, בא די צערקווע־פלעצער, צוהערנ זיכ צו דער שפראכ, פונ פאָלקס־מענטשנ אײַנקוקנ זיכ אינ זיי, ארײַנטראכטנ זיכ אינ דעמ, וואָס רעגט אָט דידאָזיקע מענטשנ, וועגנ וואָס טרוימענ זיי, וואָס ליבנ זיי אונ וואָס האסנ זיי.

2

פושקינס, אזויגערופענע, דאָרעמדיקע, ראָמאנטישע פאָעמעס זײַנענ אָנ שומ סאָפעק געווענ, אינ א געוויסער מאָס, צינז דער בײַראָנישער ליטעראַרישער מאָדע. אָבער אינ דער בעסטער פאָעמע פונ אָט דעמ ציקל „ציגײַנער“, וואָס פושקינ האָט געשריבנ אינ 1823 י. פאָלעמיזירט פושקינ אינ טאָכ מיט בײַראָנס איבער־מענטשנ.

שוינ בעלינסקי האָט אינ זײַנע ארטיקלענ וועגנ פושקינענ אָנגעוויזנ, אז אלס זיגער גייט ארויס אינ דער פאָעמע „ציגײַנער“ נישט דער בײַראָנ־העלד אַליעקאָ, נאָר דער אלטער, זעמפירעס טאטע, ד ע ר מ ע נ ט ש פ ו נ פ אָ ל ק. עכטע פרײַהײַט פונ מענטשלע־כער פערזענלעכקײַט איז נאָר פאראנ אינ פאָלק, אונטער „צעריסענע געצעלטנ“. דער אל־טער ציגײַנער ווענדעט זיכ צו אַליעקאָנ:

„Ты не рожден для дикой доли,
Ты для себя лишь хочешь воли,
Ужасен нам твой будет глас“.

פושקינ שטויסט זיכ דאָ אָנ אפנ געדאנק, אז עכטע אינדיווידואליטעט האָט גאָרנישט צוטאָנ מיט צעפוילטנ עגאָיזמ פונ איבער־מענטשנ, אז בלויז דאָס פאָלק קענ גאראנטירנ עכטע פערזענלעכע פרײַהײַט. אינ דער ראָמאנטישער פאָעמע „די ברידער־גאזלאָנימ“ שטויסט זיכ ווידער אמאָל אָנ פושקינ אפ געשטאלטנ פונ פאָלק, וואָס ווילנ לעבנ „אָנ מאכט אונ אָנ געזעצ“.

דער וויכטיקסטער עטאפ אינ פושקינס לעבנ אונ שאפנ אפ זײַנ וועג צומ פאָלק איז פושקינס קער צו דער באוועגונג פונ די דעקאבריסטנ.

אינ א רײ ערטער שטרײַכט אונטער לענינ, אז די דעקאבריסטנ שטייענ אינ אָנהייב פונ יענעמ גרויסנ העראָישנ מארשרוט פונ דער רוסישער רעוואָליוציע, וועלכער הויבט זיכ אָנ פונ דער דעקאבריסטנ־עפּאָכע, גייט דורכ דורכ גערצענענ, דערנאָכ דורכ די ראז־נאָטשינע רעוואָליוציאָנערנ אונ באקומט זײַנ פולע העלדישע אנטפלעקונג אינ דער רוסי־שער ארבעטער־באוועגונג, אינ דער באָלשעוויסטישער פארטײ. לענינ שטרײַכט אונטער, אז די דעקאבריסטנ זײַנענ געווענ ווײַט פונעמ פאָלק. אינ זײַנ ארטיקל „גערצענס אָנ־דענק“ שרײַבט לענינ וועגנ די דעקאבריסטנ: „עס איז שמאָל דער קרײַז פונ די דאָזיקע רעוואָליוציאָנערנ. שרעקלעכ ווײַט זײַנענ זײ פונ פאָלק. אָבער זייער זאכ איז ניט פאר־לאָרנ געגאנגענ. די דעקאבריסטנ האָבנ אופגעוועקט גערצענענ“ (לענינ, באנד 15, ז. 468). אינ א צווייטנ אָרט שטרײַכט לענינ באזונדערס אונטער, אז די „בעסטע מענטשנ פונעמ אדל האָבנ געהאָלפנ אופוועקנ דאָס פאָלק“ (לענינ, ב. 16, ז. 75).

אוודאי זײַנענ די דעקאבריסטנ שרעקלעכ ווײַט געווענ פונ פאָלק, אוודאי איז שמאָל געווענ דער קרײַז פונ אָט די דאָזיקע רעוואָליוציאָנערנ, אָבער ווי לענינ זאָגט: „די בעסטע מענטשנ פונעמ אדל האָבנ געהאָלפנ אופוועקנ דאָס פאָלק“.

צו זײ האָט געהערט אויכ פושקינ.

ער איז אויכ געווענ ווײַט פונ פאָלק. ער האָט אויכ זײַנ פּאָליטישע דערציִונג גע־פונענ אינ א שמאָלנ קרײַז פונ רעוואָליוציאָנערנ אדל. דאָס האָט ארופגעלייגט א שטעמפּל פונ סטיכיעסדיקײַט, פונ ניט קאָנסעקווענטקײַט אפ זײַנע פּאָליטישע איבערצײַגונגענ, אָבער ער האָט, זאָל זײַנ אומבאוווסטזיניק, זיכ געצויגנ צומ פאָלק, אינ פאָלק דערפילט די איינ־

ציקע שעפערישע קראפט פונ דער געשיכטע. אינ זײַנע בעסטע ווערק דאָרטנ, וו זײַנ גרויסער רעאַליסטישער טאלאנט הויבט זיכ אופ איבער זײַנ פריצישער באגרענעצטקײַט, וואקסט אויס די גרויסע שטרענגע געשטאלט פונ פאָלק. ס'איז גענוג זיכ צו דערמאָנענ אפילע אָנ זײַנ טראגעדיע „באָריס גאָדונאָוו", וואָס דער דיכטער האָט אָנגעשריבנ אינ 1825 י.

די דאָזיקע טראגעדיע האָט געזאָלט זײַנ, ווי באקאנט, יענצ ווערק, וואָס „מאכט שאָלעמ" צווישנ דעמ דיכטער אונ דעמ יונגנ קעניג ניקאָלײַ I.

ניקאָלײַ איז טאקע געווען פערזענלעכ דער צענזאָר פונ דער דאָזיקער טראגעדיע. אָבער ניט אומזיסט איז דידאָזיקע טראגעדיע א היפש ביסל יאָרנ געלעגנ פארגראָבנ אינ ניקאָלײַס אָכראנקע. גראפ בענקענדאָרפ—אָט דער שעפ פונ ניקאָלײַס געהיימ-פאָליצײ—האָט זיכ געמוזט אָנשטויסנ אפ א היפש ביסל „זינדיקע געדאנקענ", וואָס זײַנענ צעוואָרפנ אינעמ דאָזיקנ ווערק. פושקינ אלײנ האָט געשריבנ זײַנ פרײַנט וויאזעמסקי: „זשוקאָווסקי זאָגט, אז דער קייסער וועט מיר מויכל זײַנ פאר דער טראגעדיע—ס'איז אָנ סאָפעק, טײַערער מײַנער. האגאמ זי איז אָנגעשריבנ אינ א גוטנ גײַסט, אָבער איכ האָב נישט געקאָנט באהאלטנ אלע מײַנע אויערנ אונטערנ מיצ פונ א מעטורעפ—זיי סטארטשענ ארויס".

בעמעס, זיי סטארטשענ ארויס—פושקינס פאָלקישע געשטאלטנ!

מע קאָנ ניט באגרײַפנ פושקינס טראגעדיע „באָריס גאָדונאָוו", אויב מע טראכט זיכ ניט ארײַנ אינ דער געשטאלט פונעמ פאָלק. אָט די דאָזיקע געשטאלט שפאנט אדורכ איבערנ גאנצנ שטעכ פונ דער טראגעדיע. דאָס פאָלק רעדט נאָכ ניט דערווײַל, „דאָס פאָלק שטומט"—אזוי ענדיקט זיכ די טראגעדיע „באָריס גאָדונאָוו", אָבער שוינ בעלינסקי האָט געפילט יענע גרויסע אופברויז-קראפט, וואָס פושקינ האָט אָנגעלאָדנ דערמיט די פאָלקס-געשטאלט אינ „באָריס גאָדונאָוו". „אינ אָט דעמ דאָזיקנ שטילשווײַגנ פונ פאָלק—שרײַבט בעלינסקי—הערט זיכ די שרעקלעכע טראגישע שטימ פונ א נײַער געמיינדע".

דאָס פאָלק וועט א רעד טאָנ אזוי, אז עס וועלנ זיכ א טרייסל טאָנ די זײַלנ פונ דער געשיכטע!

דערמאָנט זיכ די סצענע אפ קראסנאיא פלאָשטשאד, אינ סאמע אָנהויב פונ דער טראגעדיע „באָריס גאָדונאָוו":

„אײנער, (שטיל): וואָס וויינט מענ דאָרט?
צווייטער: פונ וואנענ זאָלנ מיר וויסנ? דאָס וייסנ נאָר די באָיארעס. ס'איז נישט קיינ פאָר אונדז.
א פרוי מיט א קינד: נו, וואָס? אז מע דארפ אָנהויבנ וויינענ, איז ער גאָר פארשטומט געוואָרנ! אָט וועל איכ דיר! אָט גייט א בוקע! וויינ, צעלאָזענער יונג!
(ווארפט אימ אפ דער ערד, דאָס קינד קוויטשעט).
אָט דאָס פארשטײ איכ!
אײנער: אלע ווייגנ, לאָמיר, ברודערקע, אויכ א ווײנ טאָנ.
צווייטער: איכ סטארע זיכ, ברודערל, אָבער איכ קענ ניט.
ערשטער: איכ אויכ. עפשער האָסטו א ציבעלע? לאָמיר א רײַבטאָנ די אויגנ".

אזוי שילדערט פושקינ דעמ „ענטוזיאזמ" פונ פאָלק, ווענ די פריצימ זעצנ אפנ טראָנ אלס קייסער באָריס גאָדונאָוונ.

קלאָר, אז אזא ווערק האָט נישט געקאָנט ברענגענ צו שאָלעמ צווישנ דעמ דיכטער אונ דעמ קייסער ניקאָלײַ.

בלויז אפילע דער דאָזיקער פאקט דארפ צווינגענ דעמ פאָרשער פונ פושקינס שאפונג פארטראכטנ זיכ וועגנ דעמ טאָכ פונ פושקינס אזויגערופענעמ „שאָלעמ־מאכנ“ מיט ניקאָלײַענ. פושקינס „שאָלעמ־מאכנ“ מיט ניקאָלײַענ דארפ פארשטאנענ ווערנ גאנצ באדינגלעכ.

פושקינ האָט נישט פאראטנ זײַנע גרונט־פּאָליטישע פרינציפּנ, וואָס האָבנ אימ דערנעענטערט צו די דעקאבריסטנ. דער דיכטער האָט דאָכ שוינ בא זײַנ ערשטער באגעגעניש מיט ניקאָלײַענ אָפנ אונ דרייסט אימ דערקלערט, אז ווענ ער, דער דיכטער, וואָלט דעמ 14־טנ דעקאבער געווענ אינ פעטערבורג, וואָלט ער ארויסגעטראָטנ צוזאמענ מיט די דעקאבריסטישע אופשטענדלער. פושקינס דעקאבריזמ איז ניט געווענ עפּעס אנ אויסערלעכער פּאָעטישער זשעסט. פושקינ האָט שוינ אינ זײַנע יוגנט־יאָרנ, נאָכ אינעמ ליציי, אײַנגעזאפּט אינ זיכ דעקאבריסטישע אידייענ. לאנג, לאנג אפילע נאָכ דער טראגישער מאפּאָלע פונעמ. דעקאבריסטנ־אופשטאנד, האָט פושקינ זיכ נישט געקענט בארויִקנ. ער האָט נישט פארגעסנ זײַנע פרײַנט, וואָס זײַנענ דורכנ צאריזמ אופגעהאנגענ געוואָרנ, פארשיקט געוואָרנ אפ סיבירער קאטאָרגעס. צווישנ פושקינס מאנוסקריפּטנ, וואָס האָבנ א שײַכעס צו זײַנ ארבעט איבער דער פּאָעמע „פּאָלטאווא“ (אינ 1828 י.)—א פּאָעמע, וואָס, דוכט זיכ, אויסערלעכ גענומענ, איז זי געווענ בארופנ צו דערהויבנ די געשטאלט פונ רוסישער זעלבסטהערשאפט (פּיאָטער דער 1־טער)— געפינענ מיר טשערנאָוויקעס אפ די זײַטנ פונ וועלכע דעמ דיכטערס האנט האָט געצייכנט פּראָפילנ פונ די אומגעקומענע דעקאבריסטנ, צייכענונגענ פונ טליִעס, אפ וועלכע עס הענגענ זײַנע פרײַנט אונ אונטנ א ניט פארענדיקטע שורע: אונ איכ וואָלט אויכ געקענט...

דער דיכטער האָט געטראכט וועגנ דעמ, אז אויכ ער האָט געקענט טראגיש פארענדיקנ זײַנ לעבנ אפנ סענאט־פּלאצ, דעמ 14־טנ דעקאבער, אזוי ווי זײַנע פרײַנט די דעקאבריסטנ.

אינ 1827 י. האָט פושקינ, ווי באקאנט אָנגעשריבנ זײַנ ליד „קײַנ סיביר“—א פּאָעטישע ווענדונג צו זײַנע פרײַנט — די דעקאבריסטנ. וואָס זײַנענ פארוואָרפנ געוואָרנ אפ סיבירער קאטאָרגע. פושקינ האָט אינ דער דאָזיקער ליד געשריבנ:

Оковы тяжкие падут,
Темницы рухнут—и свобода
Вас примет радостно у входа
И братья меч вам отдадут

אָט די שורעס האָט דער דיכטער געשריבנ אינ יענע יאָרנ, ווענ לויט דער אָפיציִעלער קאָויאָנער, רוסישער ליטעראטור־געשיכטע איז שוינ פאָרגעקומענ דער „בורג־פרידנ“ צווישנ דעמ דיכטער אונ ניקאָלײַענ.

אינעמ זעלבנ 1827 י. אינ זײַנ ליד „אריאָנ“, ווו פושקינ דערציילט, אינ א פארנעפּלטער פאָרמ, וועגנ דער מאפּאָלע פונעמ דעקאבריסטנ־אופשטאנד, שרײַבט דער דיכטער, אז ער, דער איינציקער, וואָס האָט זיכ געראטעוועט פונ שטראָמ אונ איז ארויסגעוואָרפנ געוואָרנ אפנ ברעג דורכ די אָנגרײַפנדיקע כוואליעס, „זינגט די פריִערדיקע הימנענ“.

ליינט יענע פּושקינס קאַפּיטלען פון „יעווגעני אָניעגינ", וואָס זײַנען געשריבן געוואָרן אין די זעלבע יאָרן,—איר וועט געפינען אסאך לירישע אָפּווענדונגען, וואָס זײַנען געווידמעט דעם דיכטערס מיטקעמפער—זײַנע פרײַנט—די דעקאַבריסטן. פּושקין, ווי באַקאַנט, האָט דעם 10־טן קאַפּיטל פון „יעווגעני אָניעגינ", וואָס ער האָט פארברענט אין 1830 י. געווידמעט דער דעקאַבריסטן־באַוועגונג. פּושקין האָט געהאט בעדייע דעם ראָמאַן „יעווגעני אָניעגינ" ענדיקן ווי א פּאָליטישן דעקאַבריסטן־ראָמאַן. וועגן דעם האָט ער אין 1829 י., זײַענדיק אפ קאַווקאַז, דערציילט זײַן ברודער. מיט א באַזונדערער קראַפט קערט זיך אום פּושקין צו זײַן דעקאַבריסטן־טעמע אין די שלוס־סטראָפעס פון „יעווגעני־אָניעגינ".

Но те, которым в дружной встрече
Я строфы первые читал...
Иных уж нет, а те далече,
Как Саади некогда сказал.
— — — — — — — — —
Блажен, кто праздных жизни рано
Оставил, не допив до дна
Бокала полного вина...

ניין, פּושקינס „שאָלעם מאכנ" מיט ניקאָלײַען האָט נישט באַטײַט פאראט פון זײַנע יוגנטלעכע טרײַע געדאנקען. פּושקין האָט בלויז געזוכט נ ײַ ע וועגן אפ טאָרצווזעצן זײַן קאַמף נאָך דעם ווי דער דעקאַבריסטן־אופשטאנד האָט זיך געענדיקט מיט א טראַגישער מאַפּאָלע.

דעם 15־טן פעווראַל 1826 י. האָט פּושקין געשריבן זײַן פרײַנט דעלוויגן: „מיט אוםגעדולד ווארט איך, אז עס זאָל געלייזט ווערן דער גוירל פון די אומגליקלעכע און עס זאָל פארעפנטלעכט ווערן דער אורטייל. איך האָף פעסט אפ דער גרויסמוטיקײַט פונעם יונגן קייסער אונדזערן. לאָמיר ניט זײַן אבערגלויביק און אויך ניט איינזײַטיק ווי די פראנצויזישע טראַגיקער, נאָר לאָמיר א קוק טאָן אפ דער טראַגעדיע מיט שעקספּירס אויגן".

וואָס האָט באַטײַט פאר פּושקינען א קוק טאָן אפ דער טראַגעדיע פונעם דעקאַבריסטן־אופשטאנד מיט שעקספּירס אויגן? דאָס האָט באַטײַט פאר אים רעאַליסטיש, ניכטער, מיטן כוש פון א היסטאָריקער באַנעמען די געשיכטלעכע אומפאַרמײַדלעכקײַט פון דער דאָזיקער טראַגעדיע. פּושקינס כוש פון א גענויִנישן רעאַליסט האָט אים אונטערגעזאָגט נאָך אין 1823 י., אז די דעקאַבריסטן־באַוועגונג איז היסטאָריש פארורטיילט אפ טראַגישן אומקום. אין זײַן ליד: „Свободы сеятель пустынный" האָט פּושקין נאָך אין 1823 י. פאָרויסגעזען, אז די דעקאַבריסטישע באַוועגונג איז „געקומען פרי"

Свободы сеятель пустынный,
Я вышел рано до звезды;
Рукою чистой и безвинной
В порабощенные бразды
Бросал живителное семя...

לונאטשארסקי האָט מיט פולער רעכט געשריבן, אז פּושקין האָט מיט א כוש פון א דיאַלעקטיקער קימאט דערפילט די איזאָלירטקײַט פון דער דעקאַבריסטן־באַוועגונג.

לענין האָט געשריבן וועגן דער דעקאַבריסטן־באַוועגונג: „שמאָל איז דער קרײַז פון די דאָזיקע רעוואָליוציאָנערן. שרעקלעך ווײַט זײַנען זיי פון פאָלק". פּושקין—א דיכטער

מיט א גרויסן רעאַליסטישן כוח — האָט נישט געקאָנט נישט באמערקן דעם איינרייס צווישן דער דעקאבריסטן־באוועגונג און דאָס פאָלק. פושקין האָט אויך געפילט, אז זייער שמאָל איז דער דעקאבריסטן־קרייז, אז שרעקלעך ווייט זיינען זיי פון פאָלק, האגאַם זיי האָבן מיט זייער אופשטאנד „געהאָלפן אופוועקן דאָס פאָלק", ווי לענין זאָגט, פאר פושקינען איז געשטאנען די פראגע צו געפינען נייע, לעגאַלע מעגלעכקייטן פאר פאָרזעצן דעם קאמף. ער האָט זיך געלאָזן אפ דעם וועג, אפ וועלכן עס האָבן זיך געלאָזן, נאָך דער מאפּאָלע פונעם דעקאבריסטן־אופשטאנד, אסאך פאָרגעשריטענע מענטשן פונעם אדל־פושקין, וועלכער האָט געהאט אינפאָרמאציעס וועגן ניקאָלייס געהיימן „קאָמיטעט פונעם 6־טן דעקאבער 1826 י.", וואָס האָט קלוימערשט געזאָלט איינפירן רעפאָרמעס אין רוסלאנד, — פושקין האָט געפרווט שטויסן ניקאָלייען אפן וועג פון אָט די דאָזיקע רעפאָרמעס. דער דיכטער האָט געפרווט ווירקן אפ ניקאָלייען, קעדיי באפרייען אים פון דער שענדלעכער ווירקונג, וואָס לויט פושקינס מיינונג האָבן געהאט אין הויפ די הויפ־אריסטאָקראטן.

פושקין האָט געשריבן וויאזעמסקען — זיין פריינט: „די רעגירונג האנדלט, אָדער האָט בעדייע צו האנדלען, אין זין פון אייראָפּייִשער אופקלערונג: באשיצן דעם אדל, א קוועטש טאָן אפ די טשינאָווניקעס, נייע רעכט פאר די מעשטשאנעס און לייב־אייגענע". פושקין האָט געגלויבט א געוויסע צייט, אז ניקאָליי קאָן און וויל גיין אפן וועג, וועלכער איז, לויט פושקינס מיינונג, אָנגעצייכנט געוואָרן דורך פּיאָטר דעם גרויסן — דער וועג פון אייראָפּעיִזירן, דעמאָקראטיזירן רוסלאנד. פושקין האָט געמיינט, אז דער בעסטער פאָרגעשריטענער טייל פון אדל איז בארופן מיטהעלפן ניקאָלייען אפ דעם דאָזיקן וועג.

דער דאָזיקער פּאָליטישער געדאנק ליגט אין גרונט פון פושקינס באריםטע „סטאנסן" (1826), וווּ פושקין רופט ניקאָלייען אפן וועג פון פּיאָטר דעם גרויסן. אפן וועג פון אייראָפּעיִזירן און דעמאָקראטיזירן רוסלאנד. אָט די דאָזיקע „סטאנסן" האָבן ווי, באקאנט, ארויסגערופן אפילע בא אייניקע פושקינס צייט־כאווירים אופרעגונג. אייניקע האָבן באשולדיקט דעם דיכטער אין אָפּטריניקייט. פושקין האָט אפ דעם געענטפערט מיט זיינע צווייטע „סטאנסן" (1828 י.), אין וועלכער ער שרייבט:

Я льстец! Нет, братья, льстец лукав:
Он горе на царя накличет,
Он из его державных прав
Одну лишь милость ограничит.

Он скажет: презирай народ,
Гнети природы голос нежный!
Он скажет: просвещенья плод —
Страстей и воли дух мятежный!

Беда стране, где раб и льстец
Одни приближены к претолу,
А небом избранный певец
Молчит, потупя очи долу.

ס'איז גענוג אופמערקזאמ צו איבערלייענענ אָט די דאָזיקע שורעס, קעדיי זיך איבערצײַגנ, אז פאַר פּושקינענ איז דער קער צו ניקאָלײַענ געווענ אנ אייגנארטיקער מאנעוור, וועלכער האָט פארפאָלגט אינ טאָך דעמ זעלבנ צוועק: שאפנ אינ רוסלאנד אזעלכע פּאָליטישע באדינגונגענ, באַ וועלכע דאָס פאָלק זאָל ניט זײַנ פאַראכטעט, באַ וועלכע נישט כיטרע צוואקישע הויפ־לײַט זאָלנ זײַנ די פירער פונ לאנד.

דאָס אפּעלירנ צו דער געשטאלט פונ פּיאָטר דעמ גרויסנ איז אויך ניט געווענ צופעליק פאַר פּושקינענ, וועלכער האָט לאנגע יאָרנ, אידעאליזירנדיק די דאָזיקע געשטאלט, אײַנגעזענ אינ איר די פארקערפּערונג פונ רוסלאנדס פּראָגרעס. ווי באקאנט, האָט נישט בלויז איינ פּושקינ אינ יענע יאָרנ פּאָפּוליאריזירט אינ דער ליטעראטור די געשטאלט פונ פּיאָטר דעמ גרויסנ, אלס אידעאלע געשטאלט פונ א רוסישנ קעניג. א ריי שרײַבער פונ יענער צײַט (פּאָגאָדינ, קאָשעליאָוו, קיריעווסקי, שעווירעאָוו) ווענדנ זיך צו דער דאָזיקער געשטאלט.

אינ שײַנ פונ דער דאָזיקער פּאָליטישער אײַנשטעלונג דארפ מענ אופפאסנ פּושקינס פּאָעמע „פּאָלטאווא“. פּיאָטרס געשטאלט ווערט אינ „פּאָלטאווא“ דערהויבנ אלס מוסטער אר ניקאָלײַענ.

ניקאָלײַ האָט געהאט פאַר זיך אנ אנדער מוסטער.— דעמ ווילדנ סאלדאפּאָנ אראקטשייעוו אונ דעמ אָכראניק בענקענדאָרפ. פּושקינ האָט גאנצ שנעל זיך איבערצײַגט אינ דעמ.

דער דיכטער האָט אפ יעדנ שריט אונ טריט געפילט, אז די לאפּע פונ דער אָכראנקע קוועטשט אימ אלצ מער אונ מער, אז ניקאָלײַ טראכט אפילע ניט וועגנ אָפּשוואכנ אָט דעמ דאָזיקנ דרוק. פאַר פּושקינענ ווערט קלאָר, אז ער וועט דערשטיקט ווערנ אונטער אָט דעמ פינצטערנ דרוק פונ רעאקציע. דעמ 27־טנ מײַ 1826 י. שרײַבט פּושקינ וויאזעמסקענ: „דו, וואָס דו ביסט ניט געפענטעט, ווי קאָנסטו פארבלײַבנ אינ רוסלאנד. אויב דער קייסער וועט מיר געבנ פרײַהײַט וועל איך אפילע קיינ כוידעש ניט פארבלײַבנ דאָ“.

אינ פּושקינס אווגוסטזײַנ איז שוינ אינ 1827 י. רייפ געוואָרנ די געשטאלט פונעמ פאָלק, וואָס איז דער איינציקער עכטער פארבינדעטער פונעמ וואָרט־מײַסטער, פונ יעדנ עכטנ רעוואָליוציאָנערנ קינסטלער. מיט א באזונדער מראגישער קראפט ווערט אָט דער דאָזיקער געדאנקענ־גאנג דיכטעריש פארקערפּערט אינ פאָלגנדיקע שורעס:

Блажен в златом кругу вельмож
Пиит, внимаемый царями,
Владея смехом и слезами,
Приправя горькой правдой ложь,
Он вкус притуптленный щекотит
И к славе спесь бояр охотит.

Он украшает их пиры
И внемлет умные хвалы.
Меж тем за тяжкими дверями,
Теснясь у черного крыльца,
(Народ) толкаемый слугами
Поодаль слушает певца.

יאָ, דער דיכטער ווערט אופגענומענ אינעמ „גאָלדענעמ קרײַז פונ מאגנאטנ“ יאָ, קייסאָרים פארנעמענ דעמ דיכטערס לידער. דער דיכטער פילט אָבער, אז נישט דאָ איז זײַנ אָרט. דאָרטנ, אונטער די שווערע טירנ, צונויפגעשטיקט באַ די הינטערשטע טרעפּ, שטייט דאָס פאָלק אונ פונ דערווײַטנס הערט עס זיך צו צומ דיכטערס געזאנגענ.

— אָט דאָ איז זײַנ עכטע אאודיטאָריע—באַמ פאָלק!

• נישט לײַכט אָבער קומט אָנ פּושקינענ דער וועג צומ פאָלק. פּושקינ דארפ זיך באַפרײַענ פונ א גאנצע ריי פאָרורטיילנ, וואָס ער האָט אײַנגעזאפּט אינ זיך צוזאמענ מיט זײַנ

דערציִונג, מיט דער קולטור, פון דער אדל־סוויווע. פושקינ פרוווט זוכנ אנ אויסוועג אינעם טעמפל פונ „ריינער קונסט". אינ א ריי לידער פרוווט פושקינ איינריידנ זיכ אונ דעם לייענער, אז פארנ דיכטער איז איינ וועג פאראנ—דער וועג פונ דיכטערישער איינזאמקייט. אינ 1827 י. שרייבט פושקינ וועגנ דיכטער, וואָס געפינט זיכ אינ אנ איינרייס מיט דער ארומיקער סוויווע:

Тоскует он в забавах мира,
Людской чуждается молвы,
К ногам народного кумира
Не клонит гордой головы.

אָבער אינ זעלבנ 1827 י. שרייבט פושקינ אָנ זיינ ליד „סאָלאָוויי", ווו ער פארורטיילט דעם געזאנג, וואָס איז געווענדעט בלויז צו דער „קאלטער שיינקייט":

Не так ли ты поёш для хладной красоты,
Опомнись, о поэт, к чему стремишься ты?
Она не слушает, не чувствует поэта;
Глядишь—она цветет; взываешь—нет ответа.

אינ 1830 י. שרייבט דער דיכטער אינ זיינ ליד „דעם דיכטער":

Ты царь живи один. Дорогою свободной
Иди, куда влечет тебя свободный ум,
Усовершенствуя плоды любимых дум,
Не требуя наград за подвиг благодарный.

אָבער קימאט איינציייטיק פילט ער שוינ, אז איינזאמקייט איז אומקום פארנ דיכטער. אז קונסט לעשעם קונסט איז עפשער א געוויסער מיטל אינ געוויסע באדינגונגעו אָפצושפאָטנ פונ די הערשנדיקע אריסטאָקראטישע געשמאקנ, אָבער ס'איז נישט קיינ אויסוועג פארנ דיכטער. אינ 1831 י. שרייבט פושקינ זיינ ליד „ווידערקאָל", ווו ער שטרייכט אונטער דעם טראגיזמ פונ אנ איינזאמענ קינסטלער, וואָס זיינ דיכטונג באקומט ניט קיינ ווידערקאָל, קיינ אָפרופ.

דאָס זיינענ געווענ שווידערלעכע יאָרנ פונעם דיכטער. דערמאָנט זיכ זיינ ליד „שיידימ":

Мчатся тучи, вьются тучи,
Невидимкою луна
Освещает снег летучий;
Мутно небо, ночь мутна.

Еду, еду в чистом поле;
Колокольчик дин-дин-дин...
Страшно, страшно, поневоле
Средь неведомых равнин!
(„Бесы").

אזא איז דאָכ געוועזנ גאנצ רוסלאנד. א פינצטערער הימל. אומענדלעכע טויטע פעלער. א זאווערוכע הוליעט איבער זיי. אונ אינ א בויד, איבער אומבאוווסטע שליאכנ טראָגט זיכ דער דיכטער....

ווו זשע איז דער אויסוועג?...

(סאָפ קומט).

וו. קירפאָטינ

# דער סאָציאַלער זינ פונ פושקינס קאָנפליקט מיט דער ווירקלעכקײַט

דער בעסטער אנאליז פונ פושקינס שאפנ געהערט ביז איצט בעלינסקענ. צום סאָפ פונ זײַנ לעבנ האָט זיכ בעלינסקי דערנענטערט צום פארשטיינ די באדײַטונג פונ קלאסנ אונ קלאסנ־קאמפ אינ דער געשיכטע—ער האָט זיכ אָבער בלויז דערנענטערט. דעריבער האָט בעלינסקי זײַנ סאָציאלנ אנאליז פונ פושקינס שאפנ ניט געקענט דורכפירנ ביזנ סאָפ אונ קאָנסעקווענט. אלס הויפט־שטריכ פונ פושקינס שאפנ האָט בעלינסקי גערעכנט זײַנ קינסטלערישע פולקאָמענהײַט. די היסטאָרישע באדײַטונג פונ פושקינענ, אלס פאָעט, איז באשטאנענ, לויט בעלינסקיס מיינונג, אינ דעמ, קעדיי „דעראָבערנ, באהערשנ אפ שטענדיק פאר דער רוסישער ערד די פאָעזיע אלס קונסט, אזוי, אז די רוסישע פאָעזיע זאָל האָבנ דערנאָכ די מעגלעכקײַט צו זײַנ אנ אויסדריק פאר יעדער ריכטונג, פאר יעדער אָנשויונג, ניט מוירע האָבנדיק צו אופהערנ זײַנ פאָעזיע אונ איבערגיינ צו געגראמטער פראָזע. דעריבער האָט פושקינ געדארפט זײַנ אויסשליסלעכ א קינסטלער" (בעלינסקי, באנד 11, זײַט 378). דער פושקינ־געני האָט זיכ אנטפלעקט, ווי בעלינסקי האָט געהאלטנ, פריער פונ אלצ אינ דער פאָרמ, אונ ניט אינעמ געדאנק. די עסטעטישע פולקאָמענהײַט איז דער פאפאָס פונ פושקינס פאָעזיע, אינ אונטערשייד פונ אנדערע ערשטראנגיקע געניעס, בא וועמענ גופע די פאָעטישע קראפט טרעט אָפ אפנ לעצטנ פלאנ פארנ אינהאלט, פאר דער פילאָסאָפישער אידיי.

אָנ דעמ דאָזיקנ שטאנדפונקט האָט זיכ בעלינסקי געהאלטנ אומעטומ אינ זײַנע ארטיקלענ וועגנ פושקינענ. ער כאזערט איבער ניט איינ מאָל, „אז דער אומיטלבאר־שעפערישער עלעמענט בא פושקינענ איז געווענ אומפארגלײַכלעכ שטארקער פארנ דענקענדיקנ, באוווסטזיניקנ עלעמענט" (באנד 12, זײַט 29). דער גאנצער ציקל ארטיקלענ וועגנ פושקינענ פארענדיקט זיכ מיטנ זעלבנ אקאָרד: „פושקינ איז געווענ הויפטזאכלעכ א פאָעט, א קינסטלער אונ ער האָט מער גאָרניט געקענט זײַנ לויט זײַנ נאטור. ער האָט אונדז געגעבנ פאָעזיע, אלס קונסט, אונ דעריבער וועט ער אפ שטענדיק פארבלײַבנ אלס דער גרויסער, מוסטערהאפטער מײַסטער פונ פאָעזיע, דער לערער פונ קונסט" (באנד 12, זײַט 218).

אינ דער הויכער אָפשאצונג פונ די פאָרמעלע מײַלעס פונ פושקינס פאָעזיע איז בעלינסקי פולקאָמ גערעכט. אונ אינ הונדערט יאָר ארומ נאָכ זײַנ טויט איז פושקינ אינ

דעם דאָזיקנ הינזיכט א ניט איבערגעשטיגענער מוסטער, אנ אומדערגרייכבארער מײַסטער. אונ אינ דער אלוועלטלעכער פּאָעזיע געהערט דאָ פּושקינענ איינס פונ די סאמע ערשטע ערטער. פּושקינ האָט ווי געגעבנ די נאָרמע פונ דער קונסט, די געזעצנ פונ דער הארמאָניע אינ דער פּאָעזיע אונ פּראָזע האָט ער דערגרייכט אינ דער פולקאָמענהײַט. ניט דורכגייענדיק קיינ שטודיומ פונ פּושקינען, קענ מענ ניט פארשטיינ ניט די נאטור, ניט די געשיכטע פונ דער ליטעראטור אלס קונסט (דאָ גייט א רייד, פארשטייט זיכ, וועגנ דער רוסישער ליטעראטור). פונדעסטוועגנ קענ בעלינסקי אליינ ניט באציִענ זיכ צו פּושקינענ בלויז ווי צו א „דינער פונ די מוזעס", ווי צו א פאָרשטייער פונ דער ריינער קונסט. קעריי דערקלערנ פּושקינס פּאָעזיע, קומט בעלינסקי אָנ צו א זייער פּינקטלעכער־אויסגעדריקטער קלאסנ־כאראקטעריסטיק. בעלינסקי געפינט אינ די ווערק פונ פּושקינענ א פארצווײַגטנ אונ אויסגעפאָרמירטנ אידעאָלאָגישנ אינהאלט.

בא בעלינסקינ באקומט זיכ, אז אויכ די קלאסנ־נאטור פונ פּושקינענ אונ דער אידעאָלאָגישער אינהאלט פונ זײַנ קונסט זײַנענ א פּרעדיקאט (באשטימונג) פונ זײַנ ארטיסטישקײַט. די קלאסנ־נאטור פונ פּושקינס שאפנ כאראקטעריזירט בעלינסקי אינעמ קאַפּיטל, געווידמעט דעמ אנאליז פונ „יעווגעני אָניעגינ", מיט פאָלגנדיקע אויסדריקנ: „מיר וועלנ אָפּמערקנ איינס: די פּערזענלעכקײַט פונ פּאָעט, וואָס האָט זיכ אזוי פול אונ אזוי בולעט אָפּגעשפּיגלט אינ דער דאָזיקער פּאָעמע, איז אומעטומ אזא שיינע, אזא הומאניטארע, אָבער אינ דער זעלבער צײַט הויפּטזאכלעכ אנ ארטיסטישע. אומעטומ זעט איר אינ אימ א מענטשנ, וועלכער געהערט מיט לײַב אונ לעבנ צומ הויפּט־פּרינציפּ, וואָס איז דער טאָכ פונ דעמ קלאס, וועלכנ ער שילדערט, קורצ גערעדט, אומעטומ זעט איר דעמ רוסישנ גוט־באזיצער... ער פאלט אָנ אינ דעמ דאָזיקנ קלאס אפּ אלצ, וואָס ווידערשפּרעכט דער הומאניטארישקײַט; נאָר דער פּרינציפּ פונעמ קלאס איז פאר אימ— אנ אייביקער עמעס... אונ דעריבער איז אינ זײַנ סאטירע גופא אזויפיל ליבשאפט, זײַ אָפּלייקענונג גופא איז אזוי אָפט ענלעכ אפּ באגײַסטערונג אונ פארהערלעכונג... דערמאָנט זיכ די באשרײַבונג פונ דער מישפּאָכע פונ די לארינס, אינ דעמ 2־טנ קאפּיטל, אונ באזונדערס דעמ פּאָרטרעט פונ לארינענ אליינ. דאָס איז די סיבע, וואָס אינ „אָניעגינענ" איז איצט פיל פארעלטערט, נאָר אָנ דעמ וואָלט, מעגלעכ, פונ „אָניעגינענ" ניט ארויסגעקומענ אזא פולע אונ געטריע פּאָעמע פונעמ רוסישנ לעבנ, אזא באשטימטער פאקט אפּ אָפּלייקענענ דעמ געדאנק, וואָס האָט זיכ אינ דער דאָזיקער געזעלשאפט גופא אזוי שנעל אנטוויקלט" (בעלינסקי, באנד 12 זײַט 144). די ווידערשפּרעכלעכקײַט אינ דער דאָזיקער אָפּהאנדלונג איז אָנ שומ סאָפעק. אויב פּושקינ אנטפּלעקט זיכ אינ „יעווגעני אָניעגינ" הויפּטזאכלעכ מיט זײַנ ארטיסטישער זײַט, בלויז אלס קינסטלער פונ דער פאָרמ, איז קענ מענ ניט זאָגנ אזוי באשטימט, אז ער טרעט ארויס אינ זײַנ ווערק אלס אדעליקער אונ אלס גוטבאזיצער, אונ אז זײַנ ראָמאנ איז פארעלטערט. אונ ווי אלס קעגנגעוויכט צו דעמ, וואָס בעלינסקי האָט נאָר וואָס געזאָגט וועגנ פּושקינענ אלס א שרײַבער, וועלכער האָט געשאפנ בלויז די פאָרמ אלס א מיטל פונעמ פּאָעטישנ אנטפּלעקנ דעמ אינהאלט, גיט ער נאָכ צו: „אָניעגינענ" קענ מענ אָנרופנ אלס ענציקלאָפּעדיע פונעמ רוסישנ לעבנ אונ אלס פאָלקס־ווערק פונ העכסטנ גראד..." די דאָזיקע פּאָעמע „איז געווענ אנ אקט פונ באוווסטזײַנ אינ דער רוסישער געזעלשאפט, קימאט דער ערשטער, אָבער דערפאר אזא גרויסער טריט פאָרויס פאר אימ". אזא אָפּשאצונג איז פיל מער ווי אנערקענענ דעמ פּאָעט אלס פאָרשטייער בלויז פונ „קונסט צוליב קונסט".

אונ אינ דעם שלוס־געדאנק פונ די ארטיקלענ וועגנ פושקינען, דאָרטנ ווו בעלינסקי רעדט וועגנ אים, ווי וועגנ א מוסטערהאפטנ מײַסטער פונ פּאָעזיע, גיט ער צו מיט א בולעטנ ווידערשפּרוכ צו זײַנ אייגענער פאָרהאנאָכע, אז פושקינען געהערט די ראָל פונ א לערער ניט בלויז פונ פּאָעזיע, נאָר אויכ פונ הומאנישקײַט אונ מאָראַל, דערבײַ ניט בלויז פאר דער הײַנטצײַטיקײַט, נאָר אויכ פאר די קומענדיקע דורעס. אפ אזא אויפנ איז ניט בלויז לויט איר קלאסנ־אויספאָרמירטקײַט, נאָר אויכ לויט איר אידייִשער רײַכקײַט קענ פושקינס פּאָעזיע, אפילע פונ שטאנדפונקט פונ בעלינסקענ גופע, ניט פארעכנט ווערנ אינ דער קאטעגאָריע פונ ריינער קונסט.

דער ווידערשפּרוכ אינ בעלינסקעס אָפּשאצונגענ שטאמט פונ דעם, וואָס ער האָט ביזנ סאָפּ ניט געקענט ארײַנדרינגענ אינ דעם סאָציאַלנ באטײַט פונ פושקינס שאפנ. פונ איינ זײַט האָט בעלינסקי געזענ אינ פושקינס שאפנ אנ אויסדריק פונעם אדעליקנ פרינציפּ, אונ פונ דער אנדערער זײַט — די פארייִדיקונג פונ הומאניזם אונ גלײַכהײַט, פונ אכטונג צום מענטשנ אלס צו א מענטשנ, וואָס האָט זיכ ניט געפּאָרט מיט דער פריצישער נאטור אונ אידעאָלאָגיע. ניט פארשטייענדיק די דיאַלעקטיק פונ קלאסנקאמפּ, האָט בעלינסקי ניט געקענט דערקלערנ דעם דאָזיקנ ווידערשפּרוכ, וואָס איז געווענ דער קאָנדענסירטער אויסדריק פונ אלע ווידערשפּרוכנ אינ פושקינס שאפנ. ער האָט פארבונדנ די הומאנישקײַט, די מענטשנ־ליבע מיטנ עסטעטיזם, מיט דער קינסטלערישער קראפט, מיט דער הארמאָניע אונ מאָס פונעם פושקינישנ שאפנ. ניט בלויז בעלינסקי, נאָר אויכ פושקינ אליינ האָט ניט פארשטאנענ ביזנ סאָפּ די סאָציאַלע פּראָצעסנ, וואָס האָבנ זיכ אָפּגעשפּיגלט אינ זײַנ שאפנ. אימ האָט זיכ אויסגעדוכט, אז ער צאמט זיכ אָפּ פונ די פאָדערונגענ פונ די הײַנטצײַטיקע, אז ער איז אוועק אינ דער ספערע פונ ריינער קונסט, אויסקלײַבנדיק היסטאָרישע אונ אויסלענדישע סיוזשעטנ, — אָבער די שטימ פונ די פאָרויסגייענדיקע צײַטנ, וואָס האָבנ פארורטײלט די ניקאָלײַיִשע רוסלאנד אונ די לײַב־אייגנטימערישע אָרדענונג, האָט געקלונגענ אינ זײַנ שאפנ, כאָטש אייגנארטיק, אָבער אלצ שטארקער אונ שטארקער.

אינ אנ עמבריאָנעלער פאָרמ, נאָכ אינגאנצנ ניט קיינ רײַפער אונ דעריבער אויכ ניט קיינ צ׳טריטלעכער פאַרנ פארשטיינ פאַרנ די מענטשנ פונ זײַנ צײַט, האָבנ זיכ אָפּגעשפּיגלט אינ פושקינס שאפנ די קאָנפליקטנ, וועלכע זײַנענ שפּעטער אויסגעוואקסנ אינ א רעוואָליוציאָנערנ קאמפּ פונ אלוועלטלעכער באדײַטונג. מיט א צוגאָב וועגנ דעם אונטערשייד פונ די עפּאָכנ קענענ מיר בענעגייע פושקינען אינ דער הינזיכט איבערכאזערנ דאָס, וואָס לענינ האָט געזאָגט וועגנ טאָלסטאָיען: „דאָס אנטקעגנשטעלנ דעם נאָמענ פונעם גרויסנ קינסטלער דער רעוואָליוציע, וואָס ער האָט בוילעט ניט פארשטאנענ, פונ וועלכער ער האָט זיכ בוילעט באזײַטיקט, קענ זיכ אויסווײַזנ אפנ ערשטנ קוק מאָדנע אונ קינסטלעכ. מע קענ דאָכ ניט אָנרופנ אלס שפּיגל דאָס, וואָס עס שפּיגלט אפּאָנימ ניט ריכטיק אָפּ די דערשײַנונג? נאָר אונדזער רעוואָליוציע איז א דערשײַנונג אנ אויסערסט קאָמפּליצירטע; צווישנ דער מאסע פונ אירע אומיטלבארע דורכפירער אונ אָנטיילנעמער איז פאראנ אסאכ סאָציאַלע עלעמענטנ, וואָס האָבנ אויכ בוילעט ניט פארשטאנענ דאָס, וואָס עס קומט פאָר, האָבנ זיכ אויכ באזײַטיקט פונ די ווירקלעכע היסטאָרישע אויפגאבנ, וואָס זײַנענ אוועקגעשטעלט געוואָרנ פאר זיי דורכנ גאנג פונ די געשעענישנ. אונ אויב מיר האָבנ פאר זיכ ווירקלעכ א גרויסנ קינסטלער, איז כאָטש אייניקע פונ די וועזנטלעכע זײַטנ פונ דער רעוואָליוציע האָט ער געדארפט אָפּשפּיגלענ אינ זײַנע ווערק“ (לענינ, באנד 12, זײַט 331).

פושקינ איז אזוי ווי לעוו טאָלסטאָי ניט געווענ אונ ער האָט ניט געקענט זײַנ קײנ שפּיגל פונ דער רוסישער רעוואָליוציע שוינ צוליב די כראָנאָלאָגישע באַדינגונגענ אלײנ,—נאָר אנטקעגנשטעלנ דעם נאָמענ פונ פושקינענ די פּראָצעסנ פונ דער אויסרײַפונג פונ דער רעוואָליוציע אינ רוסלאנד זעט אויס גאָר ניט אזוי פּאראדאָקסאל, ווי דאָס וואָלט זיכ געקענט אויסדוכטנ אפנ ערשטנ קוק.

פריִער פונ אלצ האָט פושקינ אינ זײַנ שאפנ ברייט אונ פול אָפּגעשפּיגלט די באוועגונג פונ די אדעליקע רעוואָליוציאָנערנ, די דעקאבריסטנ. בלויז לויט א טעמפּ־יורידישנ שטאנדפּונקט קענ מענ אָפּטײלנ די פּאָעזיע פונ פושקינענ פונ דער באוועגונג פונ די דעקאבריסטנ, קלוימערשט צוליב דער סיבע, וואָס ער איז פאָרמעל ניט ארײַנגעגאנגענ אינ אָט דעם פארבאנד. ער האָט אָפּגעשפּיגלט די קראפט אונ די שוואכקײַט פונ דער באוועגונג, אירע פּראָגרעסיווע אידייענ אונ איר מוירע פאר די מאסנ, אירע פארדאכטנ אונ ספּייקעס. ער האָט אָפּגעשפּיגלט אויכ די פּראָצעסנ, וואָס זײַנענ ארויסגערופנ געוואָרנ דורכ דער מאפּאָלע פונ 14־טנ דעקאבער.

נאָר אויכ נאָכ דער מאפּאָלע פונ די דעקאבריסטנ בלײַבט פושקינס שאפנ אויכ פונעם שטאנדפּונקט פונ סאָציִאלנ אינהאלט ניט שטײנ אפ אנ אָרט, בלײַבט ניט הענגענ אינדערלופטנ.

פושקינ האָט אינ א געוויסנ הינזיכט אויכ ניט פארשטאנענ דאָס, וואָס עס קומט פאָר, ער האָט זיכ אויכ באַזײַטיקט פונ די ווירקלעכע היסטאָרישע אופגאבנ, אוועקגײענדיק צו דער רײנער קונסט, שטרעבנדיק צו פארשליסנ זיכ אינעם קרײַז פונ זײַנ היים אונ זײַנע פרײַנט.—אונ דאָכ האָט ער, אלס גרויסער קינסטלער, אָפּגעשפּיגלט אינ זײַנ שאפנ אונ אינ זײַנ וועלט־אָנשויונג אײניקע פונ די וועזנטלעכע זײַטנ אינ די אויסרײַפנדיקע צענטראלע קלאסנ־קאָנפליקטנ שוינ נאָכנ 1825 יאָר. וואָס זשע פאר א סאָציִאלע ווידערשפּרוכנ האָט פושקינ אָפּגעשפּיגלט אינ זײַנ שאפנ?

בעלינסקעס כאראקטעריסטיק, וואָס רופט אָנ פושקינענ אלס „אדעליקנ פּאָעט“, איז ביז הײַנט דאָס סאמע ריכטיקע פונ אלע פאראנענע כאראקטעריסטיקעס וועגנ דעם קלאסנטאָכ פונ פושקינס שאפנ. זי איז דאָס סאמע נאָענטע צומ עמעס. עס איז דורכויס ניט קלוג אונ אפילע אנ אומזינ צו כאראקטעריזירנ פושקינענ, די צענטראלע פיגור פונ דער רוסישער ליטעראטור, אלס פאָרשטײער פונ די קלײנע אָפּצווײַגונגענ פונ וועלכע עס איז קלאסנ, פארוואנדלענדיק אימ אינ עפּעס א פּארטיקוליארנ אידעאָלאָג. געוויס איז אינ יעדער קלאס פאראנ א געוויסער ווידערשפּרוכ פונ טײלווײַזע אינטערעסנ, אָבער אינ דער זעלבער צײַט עקזיסטירט אנ אלגעמײנ־קלאסאָווער אינטערעס אונ א מער אָדער ווייניקער אויספאָרמירטע אלגעמײנ־קלאסאָווע אידעאָלאָגיע, וואָס דריקט אויס דעם דאָזיקנ אינטערעס. עס איז לעכערלעכ צו מײנענ, אז פושקינ האָט זיכ אינ דער גאנצער גרויס אויסגעפאָרמירט דורכ דער געקריוודעטער אײגנ־ליבע פונ א פאראָרעמטנ ארעליקנ, וועלכער איז אָפּגעשטויסנ געוואָרנ פונ טראָנ. פושקינ איז אויסגעוואקסנ אפנ ארעליקנ באָדנ; זײַנע סימפּאטיעס זײַנענ געווענדעט אינ דער ערשטער ריי אפ די פאָרשטײער פונ דעם קלאס—אדעליקע; ער טרעט אָפּט ארויס מיט די אידעאָלאָגישע קאָנצעפּציעס, מיטנ באשטימטנ אדעליקנ קרײַז אינטערעסנ. אלס ציגאָב צו בעלינסקעס באווײַזנ קענ מענ ברענגענ א ריי פּובליציסטישע ארויסזאָגונגענ פונ פושקינענ, וועלכע באשטעטיקנ אָנ צווייפל דעם ארעליקנ כאראקטער פונ זײַנ אידעאָלאָגיע. אלס אדעליקער אידעאָלאָג אנערקענט פושקינ די נויטווענדיקײַט פונ א שטאנדנ־גלידערונג פונ דער געזעלשאפט. אלע שטאנדנ

זײַנע אלצײַנס נײטיק, נאָר די נויטווענדיקײַט פונ שטאַנדנ רוקט ארויס אפנ ערשטנ פלאַנ גראָד דאָס אדלטום. „דער העסלעכער מאכט פונ דער דעמאָקראַטיע" שטעלט פּושקינ אנטקעגנ דעמ „דעוויז פונ רוסלאַנד": „יעדערנ דאָס זײַניקע" (וועגנ ס. פּ. שעווירעאָווס „געשיכטע פונ דער פּאָעזיע"), דאָס הייסט, יעדער שטאַנד האָט זײַנ שטרענג־באַשטימטנ אָרט אינ דער געזעלשאַפטלעכער יעראַרכיע. אינ דעמ „פּרווו צו אָפּשלאָגנ אייניקע ניט ליטעראַרישע באַשולדיקונגענ" האָט פּושקינ, פאַרקוקנדיק זיכ אפּ צוריק, באַטראַכט די פאַרשיידענע עטאַפּנ פונ זײַנ אנטוויקלונג, אינ דעמ אויכ די מאָמענטנ פונ דער סאַמע בוילעט אויסגעדריקטער פּאָליטישער פרײַ־דענקערײַ", אונ ער דערקלערט מיט א פולנ גרונט: „א וועלכער עס זאָל ניט זײַנ דער אויפּנ פונ מײַנע געדאַנקענ בינ איכ קיינמאָל ניט געווענ קיינ אָנהענגער פונ דער דעמאָקראַטישער סינע צומ אדל. איכ האָב אימ שטענדיק געהאַלטנ אלס נויטווענדיקנ אונ נאַטירלעכנ שטאַנד פונ דעמ גרויסנ געבילדעטנ פאָלק. צוקוקנדיק זיכ ארומ אונדז אונ לייענענדיק אונדזערע אלטע כראָניקעס, האָב איכ באַדויערט, זעענדיק ווי די אלטע אדעליקע דוירעס זײַנענ פאַרניכטעט געוואָרנ, ווי די איבעריקע פאַלנ אָפּ אונ פאַרשווינדנ, ווי די נײַע פאַמיליעס, די נײַע היסטאָרישע נעמענ, פאַרנעמענדיק דאָס אָרט פונ די פריִערדיקע, פאַלנ שוינ מיט גאָרניט קיינ באַשיצטע אונ ווי דער נאָמענ פונעמ אדעליקנ, וואָס ווערט מיט יעדער שאָ אלצ מער דערנידעריקט, איז געוואָרנ, צומ סאָפּ, אלס א מאָשל אונ אָפּשפּעטונג אפילע בא די ראַזנאָטשינצעס, וועלכע האָבנ זיכ דערשלאָגנ צו זײַנ אדעליקע, אונ בא די זאָרגלאָזע (זשורנאַליסטישע) פלאַפּלער!".

פּושקינ באַדויערט דאָס פאַלנ פונעמ אדלטומ אינ מײַרעוו־אייראָפּע, די ערשטע סימאָנימ פונ דעמ האָט ער פילבאַר אויפגעכאַפּט אויכ אינ רוסלאַנד. ער שטעלט באַוווסטזיניק אנטקעגנ די שטאַנדנ־אָרדענונג מיט אנ איבערגעוויכט פונעמ אדל דעמ סאַמע פאָרגעשריטענעמ לאַנד מיט א בורזשואַזער דעמאָקראַטיע—די פאַראייניקטע שטאַטנ פונ צאָפנ־אמעריקע. ער שרײַבט אינעמ אַרטיקל „דזשאָנ טענער": „עטלעכע טיפע אינטעליעקטנ האָבנ זיכ מיט א קורצער צײַט צוריק פאַרנומענ אויספאָרשנ די זיטנ אונ די באַשטימונגענ פונ די אמעריקאַנער, אונ זייערע באַאָבאכטונגענ האָבנ אופגעוועקט פונדאַסנײַ פראַגנ, וועלכע מע האָט שוינ לאַנג געהאַלטנ פאַר געלייזטע. די אכטונג צו דעמ דאָזיקנ נײַעמ פאָלק אונ צו זײַנ פאַרמאַציע, דער פּרוכט פונ נײַסטער בילדונג, האָט זיכ שטאַרק א וואַקל געטאָנ. מיט פאַרוווּנדערונג האָט מענ דערזענ די דעמאָקראַטיע אינ איר העסלעכסטנ ציניזמ, אינ אירע ברוטאַלע פאָרורטײלנ, אינ איר ניט דערלאָזבאַרער טיראַניע. דאָס גאַנצע איידעלע, ניט עגאָיִסטישע, אלצ וואָס דערהויבט די מענטשלעכע נעשאָמע איז דערדריקט דורכ א שרעקלעכנ עגאָיִזמ אונ לײַדנשאַפט צו וווילשטאַנד (Comfort), די מערהײַט איז א ווולגאַר־אונטערדריקנדיקע געזעלשאַפט; נעגערנ־קנעכט אינמיטנ פונ דער געבילדעטקײַט אונ פרײַהײַט; אָפּשטאַמונג־רעדיפעס אפנ פאָלק, וואָס האָט ניט קיינ אדל; מיצאַד די ווילער—גײַציקײַט אונ קינע, מיצאַד די פאַרוואַלטנדיקע—מוירע אונ אונטערטעניקײַט; דער טאַלאַנט איז, אויס אכטונג צו גלײַכהײַט, געצוווּנגענ צו פרײַוויליקנ אָסטראַקיזמ; א רײַכער, וועלכער טוט אָנ א צעפליקטנ קאַפּטנ, קעדיי ניט צו באַליידיקנ אינ גאַס די שטאָלצע אָרעמקײַט, וואָס ער פאַרהאַסט אינדערשטיל—אזא איז דאָס בילד פונ די אמעריקאַנער שטאַטנ, וואָס איז ניט לאַנג ארויסגעשטעלט פאַר אונדז".

די אדעליקע אידעאָלאָגיע טראָגט א רעאַקציאָנערנ כאַראַקטער. פּושקינ קענ אָבער ניט אויסגעשעפּט ווערנ מיט דער אדעליקער אידעאָלאָגיע. באַמ אָפּשאַצנ פּושקינענ דאַרפנ

מיר בעדענקענ, אז ער שטייט אינ אָנפאנג פונ די פראָצעסנ פונ דער פּאָליטישער אונ קלאסאָווער דיפערענציאַציע, אז דער קרייַז פונ די פּאָרגעשריטענע טוער, צווישנ וועלכע אים איז אויסגעקומענ צו זייַנ טעטיק, איז געווענ „שרעקלעכ שמאָל" (לענינ). אונ ביזנ 14־טנ דעקאבער 1825 י. אונ נאָכנ 14־טנ דעקאבער האָט ער פּאָשעס אָנגעציילט איינצלנע. אינ אזא אומגעבונג איז די אנטוויקלונג־טענדענצ פונעמ געזעלשאפטלעכנ דענקענ באַ דעמ טוער, וואָס אינטערעסירט אונדז, זייַנ צווישנבאַציִונג מיט אנדערע שטרעמונגענ פונ זייַנ צייַט מער וויכטיק איידער דער באשטימטער אינהאלט פונ די אָדער יענע האַנאָכעס, וואָס זייַנענ גענומענ איזאָלירט, סטאטיש. פונדעסטוועגנ, ניט געקוקט אפ די דאָזיקע וויכטיקע האנאָכעס דארפנ מיר זאָגנ, אז די אדעלקע אידעאָלאָגיע האָט געפירט אפילע פושקינענ צו שארפ־רעאקציאָנערע מיינונגענ. זעלכע זייַנענ זייַנע ארויסזאָגונגענ וועגנ רעקרוטנ־דינסט אינעמ ארטיקל „א רייַזע פונ מאָסקווע אינ פּעטערבורג", וואָס איז געווירמעט דער אָפּשאצונג פונ ראדישטשעווס הויפּט־ווערק:

„אונדזער רעקרוטנ־דינסט איז שווער: זייַנ צוזיִעסדיק איז ניטאָ וואָס.

עס איז גענוג דערמאָנענ די געזעצנ קעגנ די פויערימ, וועלכע קאליעטשענ אלייִנ זיכ, קעדיי אויסמייַדנ די סאָלדאטנ־דינסט. וויפל מ'האָט געקאָסט פּיאָטר דעמ גרויסנ, קעדיי צוגעווינענ דאָס פאָלק צו רעקרוטנ־דינסט! נאָר צי קענ די מעלוכע זיכ באַגייִנ אָנ א שטענדיקנ מיליטער? האלב־מיטלענ ברענגענ ניט צו קיינ גוטס. די קאָנסקריפּציע וועגנ קורצטערמיניקייַט פונ דינסט, אפ א צייַט פונ 15 יאָר, מאכט פונעמ גאנצנ פאָלק איינע סאָלדאטנ. אינ פאל פונ פאָלקס־בונטנ שלאָגנ זיכ די מעשטשאנעס ווי סאָלדאטנ; די סאָלדאטנ ווייִנענ אונ בענקענ ווי מעשטשאנעס.ביידע צדאָדימ זייַנענ איינע מיט די אנדערע ענג פארבונדנ. דעמ רוסישנ סאָלדאט, וואָס איז אפ 24 יאָר אָפּגעצאמט פונ דער סוויווע פונ זייַנע מיטבירגער, ווערט פרעמד אלצ אויסער זייַנ פליכט. ער קערט זיכ אומ אהיימ שוינ אנ אלטער, זייַנ אומקערנ זיכ גופע איז שוינ א גאראנטיע פאר זייַנ גוטער זיטלעכקייַט: וויַל דאָס פרייַלאָזנ ווערט געגעבנ בלויז פאר ניט באפלעקטער דינסט, ער דאָרשט בלויז נאָכ רויִקייַט, אינדערהיימ געפינט ער בלויז עטלעכע באקאנטע זקיינימ. דער נייַער דאָר קענ אימ ניט אונ ברידערט זיכ ניט מיט אימ.

(די מאכט פונ די גוטבאזיצער אינ דער פאָרמ, אינ וועלכער זי עקזיסטירט איצט, איז נייטיק פאר דער רעקרוטנ־מאָביליזאציע. אָנ איר וואָלט די רעגירונג אינ די גובערניעס ניט געקאָנט אופקלייַבנ אויכ א צענטכיילעק פונ דער נייטיקער צאָל רעקרוטנ. אָט איז איינע פונ די טויזנטער סיבעס, וואָס הייסנ אונדז בייַזייַנ אינ אונדזערע גיטער אונ ניט צעטאַבלעווענ זיכ אינ די רעזידענצ־שטעט אונטערנ אויסרייד פונ איבערגעגעבנקייַט צו דער דינסט, נאָר אינ דער ווירקלעכקייַט אויס איינער ליבע צו צעשטרייַטקייַט אונ צו טשינענ)".

אפ אזא אויפנ איז פושקינ א פּאָעט, וואָס איז אפ אזויפיל נאָכ פארבונדנ מיטנ אדל, אז אינ איינצלנע פאלנ דריקט ער אויס די סאמע רעאקציאָנערע אידייענ פונ זייַנ קלאס. פונדעסטוועגנ דריקט ניט אויס די דאָזיקע אומצווייפלהאַפטע האנאָכע דעמ גאנצנ עמעס וועגנ דער קלאסנ־נאטור פונ פושקינענ אונ אפילע ניט די סאמע וויכטיקע טייל פונעמ עמעס. פושקינ האָט זיכ דאָכ געפינענ אינ דער זעלבער צייַט אינ דעמ סאמע שארפסטנ קאָנפליקט מיט דער אדעליקער געזעלשאפט אונ איר פּאָליטישער סיסטעמ, מיטנ קייסער. וועגנ דעמ דאָזיקנ קאָנפליקט האָט אינ טאָכ געוווּסט אויכ בעלינסקי.

אינ דער געבראכטער שוינ כאראקטעריסטיק פונ בעלינסקינ ווערט געזאָגט, אז פושקינ „פאלט אָנ אינ דעמ דאָזיקנ קלאס (גוטבאזיצער) אפ אלצ, וואָס ווידערשפּרעכט

דער הומאניטארקײַט, נאָר דער פרינציפ פונעם קלאס איז פאר אים אנ אײביקער עמעס". די הומאניטארקײַט, אלס א סיסטעם פונ אָנשויונגענ, ווידערשפרעכט דעם פרינציפ פונ אדל, פונעם קלאס גוטבאזיצער. אפ אזא אופנ, קומט אויס לויט בעלינסקיס געדאנק, אז פושקינ, ניט איבערײַסנדיק נאָכ מיטנ אדל, געפינט זיכ שוינ אינ דער זעלבער צײַט אינ א ווידערשפרוכ מיט זײַנ קלאס. אפילע אינ די רעאקציאָנערע ארויסזאָגונגענ פונ פושקינען געפינען מיר בולטע שפורנ פונעם דאָזיקנ ווידערשפרוכ. אזוי פארורטײלט פושקינ די „העסלעכע מאכט פונ דעמאָקראטיע" פאר גראָבקײַט, פאר דער באציִונג צו וויסנשאפט און פאָעזיע ניט ווי צו א ציל, נאָר ווי צו א מיטל (וועגנ ס. ט. שעווירעוואָס „געשיכטע פונ דער פאָעזיע"), אָבער דאָס גראָבע טרעטירנ די בילדונג, די פײַנטשאפט צו בילדונג זײַנען אנ אײגנשאפט פונ דער אדעליקער געזעלשאפט אינ אנ אומגעהויער גרעסערער מאָס אײדער פונ דער בורזשואזער. פושקינ פארורטײלט די אמעריקאנישע דעמאָקראטיע פאר טיראניע פאר דער קנעכטשאפט פונ די נעגערנ. אָבער די טיראניע און דער ווילקיר אינ דער פעאָדאל־לײַב־אײגנטימערישער אָרדענונג אנטפלעקנ זיכ אומגעהויער שארפער, אײדער אינ דער סויוזע פונ די דעמאָקראטישע באלעבעסלעכ, און די קנעכטשאפט פונ די ווײַסע נעגערנ איז געווענ ניט זיסער פונ דער קנעכטשאפט פונ די שווארצע. אפ אזא אופנ האָט בא פושקינען גופע די קריטיק פונ דער בורזשואזער רעכטפירונג, ארויסגײענדיק פונ אדעליקע פאָזיציעס, אנטהאלטנ אינ זיכ האנאָכעס, וועלכע ווידערשפרעכנ די יעסוידעס פונ דער אדעליקער וועלט־אָנשויונג פונ זײַנ צײַט. דער אינהאלט פונ פושקינס קאָנפליקט מיט דער אדעליקער אידעאָלאָגיע איז אונדז באוווּסט: דאָס איז א קאָנפליקט פונ דער פראָגרעסיווער בורזשואזער וועלט־אָנשויונג, וואָס האָט נאָכ געהאט אנ אופריכטיקע איליוזיע, אז זי טרעט ארויס אלס פאָרשטײער פונ די אינטערעסנ פונעם גאנצנ פאָלק, מיט די רעאקציאָנערע מײנונגענ און פראקטיק פונ די גוטבאזיצער לײַב־אײגנטימער. פושקינ האָט אינעם דאָזיקנ קאָנפליקט נאָכ ניט איבערגעריסנ ענדגילטיק מיטנ קלאס, צו וועלכנ ער האָט געהערט לויט זײַנ געבורט און דערציִונג, נאָר דער דאָזיקער קאָנפליקט ווארפט זיכ אפ אזויפיל אינ די אויגנ, אז ער האָט געבראכט אסאכענ צו דער מײנונג, אז פושקינ איז געוואָרנ דער פאָעט־ער אויסדריקער שוינ פונ אנדערע סאָציאַלע טענדענצנ—ניט קײנ אדעליקע, נאָר בורזשואז־קאפיטאליסטישע.

די דאָזיקע מײנונג איז ארײַנגעפאלנ אפילע אינ דער „ליטערארישער ענציקלאָפעדיע" אלס אנ אויסדריק פונ אנ אלגעמײנ־אָנגענומענעם שטאנדפונקט. דער דאָזיקער שטאנדפונקט איז א וווּלגאריזאציע פונעם שטאנדפונקט פונ דעם פארשטאָרבענעם א. וו. לונאטשארסקי, וואָס איז בא אים אויסגעדריקט אסאכ בײַגעוודיקער, אסאכ רײַכער מיט ניואנסנ, וואָס טראָגט טײלווײַז א כאראקטער פונ א היפּאָטעזע.

צוליבנ אינטערעס צו דעם שטאנדפונקט פונ א. וו. לונאטשארסקי וועלנ מיר ארויסשרײַבנ זײַנ מײנונג געגוירער: „...יענער צווײַג, אפ וועלכנ ס'איז געזעסנ פושקינ, איז געווענ א פוילער און האָט זיכ געבראָכנ אונטער אים. אינ באָלדינ, ווו פושקינ איז אוועקגעפאָרנ מיט די בעסטע קאוואָנעס צו פארנעמענ זיכ מיט לאנדווירטשאפט, לעבט ער איבער א שטורעם אינ זײַנ קלאסנ־באוווּסטזײַנ, זײַענדיק געצוווּנגענ אינ א בארײַטנדיקער מאָס באגראָבנ אלע זײַנע האָפענונגענ אפילע אפ א וועלכנ עס איז באשײרענעם אויסגאנג פאר א קולטורעלנ אדעליקנ און איבערשאצנ — מעגלעכ, דערווײַל האלב־באַוווּסטזיניק—אינגאנצנ אנדערע וועגנ, וואָס פירנ אים שוינ אוועק ווײַט פונעם לאנגער ונעם אדל.

דער דאָזיקער אויסגאנג איז פונדעסטוועגנ ניט געווענ אזוי פלוצלינגדיק אונ, מע קענ זאָגנ, טעאטראל, ווי דער אויסגאנג פונ טאָלסטאָיענ. קיינ איבערבראָכ וואָלט דאָ געווויס ניט געווענ, אויב דער גורל וואָלט געגעבנ פושקינענ צו לעבנ פיל לענגער. אינ דעם דאָזיקנ פאל וואָלטנ מיר בלויז דערזענ די הערעאָישע באמיונגענ פונ פושקינענ צו ווערנ ענדגילטיק א רעאליסט, א פּראָזאיקער, א זשורנאליסט אונ אָפּהיטנ זיינ אומאָפּהענגיקייט דורכ פארקויפנ מאנוסקריפטנ אפנ מארק, דאָס הייסט אפנ וועג פונ פרייער דינסט פונ די נייע קויכעס פונעם נאָמענלאָזנ, ניט אמטלעכנ, ניט אריסטאָקראטישנ לייענער, וועלכער האָט זיכ אזוי פארשפרייט אינעם לאנד אונ אפ וועלכנ עס האָט שוינ שטארק, כאָטש אויכ אנגסטפול, אָנגעהויבנ ארבעטנ בעלינסקי; עס קענ זיינ, אז מיר וואָלטנ געזענ די וויטערדיקע פרינטשאפט פונ פושקינענ מיט בעלינסקענ; עס קענ זיינ, אז מיר וואָלטנ געזענ פושקינענ אפ די גערצענישע וועגנ.

דאָס אלצ איז אוואדע ניט קיינ טאָלסטאָישער אנטלויפנ פונ גוטבאזיצעריי אינ מורזשיקישקייט, נאָר גיכער א פּאָרזיכטיקער אונ פולער מיט ספייקעס איבערגאנג פונ גוטבאזיצערישע פּאָזיציעס אפ בורזשואזע. מע קענ פונדעסטוועגנ זאָגנ מיט זיכערקייט, אז דער בורזשואזער ציניזם, די אָפּגעהיילטע בורזשואזע פּראָגראמענ וואָ'ט פושקינ פאר קיינ פאל ניט אָנגענומענ אונ אז זיינ וויטערדיקע וועלט־אָנשויונג וואָלט זיכ אויספאָרמירט אָדער אינ וועלכע עס איז סאמע אינטערעסאנטע קריסטאלנ פונ די מיירעוודיקסלאוויאנאָפילישע איבערגאנגענ אונ אמאלגאמעס, אָדער אפילע אינ דער פאָרם פונ מיטגעפיל צו דעם אופגאנג פונ סאָציאליזם, וואָס פארשפרייט זיכ אינ יענע אוטאָפּישע אונ צוזאמענ מיט דעם אזוי עססעטיש־צוציענדיקע אנטפלעקונגענ, וועלכע זיינענ געבוירנ געוואָרנ אינ יענער צייט אפ מיירעוו (סענ־סימאָנ א. אנד.). נאָר דאָס אלצ קענ זיינ בלויז א טרעפעניש". (ארייַנפיר־ארטיקל צו דער 6־בענדיקער אויסגאבע פונ פושקינס ווערק, מעלוכיש־ליט. פארלאג).

לונאטשארסקי זאָגט ארויס א ריי היפּאָטעזעס, נאָר פונדעסטוועגנ איז ער געניוגט צו דעם, אז פושקינ איז אינ זיינ אנטוויקלונג אריבערגעגאנגענ אפ בורזשואזע פּאָזיציעס.

א גאנצע ריי פאקטנ שטערט אונדז פונדעסטוועגנ צו איינשטימענ מיט דער האנאָכע, לויט וועלכער פושקינ האָט, אוועקוואַרפנדיק די גוטבאזיצעריש־אדעליקע פּאָזיציעס, זיכ פארוואנדלט אינ א בורזשואז־קאפּיטאליסטישנ אידעאָלאָג. יע, פושקינ איז געווענ אינ קאָנפליקט מיטנ קלאס, וועלכער האָט אימ אויסגעהאָדעוועט. פושקינ איז געווענ אינ דער סווייווע פונ זיינ קלאס אנ אָפּגעשפּאָלטענער,—דאָס באטייט, אז ער האָט זיכ שוינ באוועגט אינ דער ריכטונג פאָרויס אונ וויטער פונ זיינ קלאס. וווהינ ער האָט זיכ באוועגט, דאָס איז א פראגע ניט קיינ גרינגע פאר פאָרשער; דער ענטפער אפ דעם איז געווענ ניט קלאָר אויכ פאר פושקינענ אליינ. אויב דער פּראָצעס פונ פאנאנדערייס מיט זיינ קלאס איז געווענ א פייַנלעכער אונ פול מיט בלאָנדזשענישנ פאר נעקראסאָוונ, שטשעדרינענ אונ טאָלסטאָיענ, וועלכע האָבנ געלעבט אינ א שפּעטערדיקער עפּאָכע, ווענ עס האָט זיכ שוינ אויסגעפאָרמירט סיי די ליבעראל־בורזשואזע אונ סיי די ראזנאָטשיניש־פויערישע ריכטונג פונעם געזעלשאפטלעכנ געדאנק, ווענ עס איז געווענ וואָס צו אויסוויילנ, איז ווי איז געווענ שוינ פושקינענ, וועמענ עס איז אויסגעקומענ זיכ אָריענטירנ אינ א פּאָליטישנ מידבער, צווישנ שווייַגנדיקע אָדער אזעלכע, וואָס זינגענ לויבגעזאנגענ צווישנ איינגעבויגענע רוקנס, ווענ בעלינסקי אונ גערצענ, וואָס האָבנ אזויפיל א רוק געטאָנ

פאָרויס דעמ פאָליטישנ געדאנק פונ רוסלאנד, האָבנ בלויז אָנגעהויבנ זייערע זוכעניש. סוביעקטיוו איז ער גרייט געווענ פארשליסנ זיכ אינ זײַנ שטוב, אינ זײַנ גוט, וואָס דערמאָנט א באשטימטנ עטאפּ אינ דער ביאָגראפיע פונ טאָלסטאָיענ. דאָס האָט שוינ באמערקט לונאטשארסקי: „ער איז גרייט געווענ אפילע זיכ אָפּזאָגנ,—האָט ער געשריבנ,— פונ דער פאָליטישער ווירקונג, ניט בלויז פונ דער פערזענלעכער, נאָר אויכ פאר זײַנ גרופּע איז ער גרייט געווענ אוועקגיינ אינ פארטיקוליאריזמ, ער איז גרייט געווענ אוועקשטעלנ פאר זיכ די אויפגאבע (אזא פעריאָד איז אויכ געווענ בא טאָלסטאָיענ) אומצוקערנ זיכ צומ הויפ, צומ גוט, מאכנ א גוט־באלעבאטישנ אָפּגאנג, א באפארבטנ מיט א הויכע קולטור פאר זיכ, פאר די קולטורעלסטע פונ זײַנ צײַט אונ די ווײַטערדיקע דורעס" (לונאטשארסקי, דער ציטירטער ארטיקל). נו, אונ אָביעקטיוו? לונאטשארסקי אונ נאָכ אימ אויכ די מערהײַט הײַנטצײַטיקע ליטעראטור־פאָרשער האלטנ, אז פושקינ האָט זיכ באוועגט צומ בורזשואזנ באוווסטזײַנ.

איז עס אזוי? פאנאנדערקלײַבנ זיכ אינ דעמ וועט אונדז העלפנ די דערלייזונג פונ דער פראגע, וויאזוי פושקינ האָט זיכ באצויגנ צומ קאפּיטאליזמ, וואָס איז אימ געווענ באקאנט לויט דער אויפמערקזאמער באָבאכטונג איבער זײַנ אייראָפּייִשנ לעבנ, אונ וועמעס אוואנגארד־אנטפלעקונגענ, כאָטש אינ דעמ אויסזענ פונ דער געלט־מאכט, ער האָט באגעגנט אויכ ארומ זיכ אינ רוסלאנד.

(סאָפ קומט)

---

מ. דובילעט

# פושקינס רעאַליזמ

## פושקינס פאָדערונג פונ רײַנער קונסט אונ זײַנ רעאַליזמ

וויאַזוי בינדט זיכ פושקינס רעאַליזמ מיט זײַנע פאָדערונגענ פונ „קונסט לעשעמ קונסט"? די דאָזיקע פאָדערונגענ זײַנענ געווען ניט קיינ צופעליקע בא פושקינען. מיר טרעפנ זיכ מיט זיי סײַ אינ זײַנע לידער, סײַ אינ זײַנע קריטישע אַרבעטנ, אי אינ די 20־ער, אי אינ די 30־ער יאָרנ. אָפּנ סמאַכ פונ די דאָזיקע פושקינישע אַרויסזאָגונגענ, אַרויסגעכאַפּטע פונעמ גאַנצנ קאָנטעקסט פונעמ דיכטערס שעפערישנ וועג, האָט די בורזשואַזע עסטעטישע קריטיק קאַנאָניזירט פושקינס שאַפונג אַלס העכסטע אַנטפּלעקונג פונ „רײַנער" קונסט. זי האָט אָפּ אַזאַ אויפנ פאַלסיפיצירט פושקינס ליטעראַרישע ירושע אונ זי גענוצט אויסנוצנ אינ קאַמפּ קעגנ דער רעוואָליוציע. אינדערעמעסנ האָבנ פושקינס אַרויסזאָגונגענ וועגנ דער פרײַהײַט פונעמ דיכטער גאָר אַנ אַנדער זינענ.

פושקינ האָט זיכ געשטיקט אינ דער פוסטער אַטמאָספער פונ דער הויכגעשטעלטער געזעלשאַפט. אינ זײַנע באַמערקונגענ וועגנ רוסישנ טעאַטער (געשריבנ 1820־1819) כאַראַקטעריזירט ער אַזוי דעמ דאָזיקנ עולעמ:

„די דאָזיקע גרויסע מענער פונ אונדזער צײַט, וואָס טראָגנ אָפּ זייער פּאָנעמ דעמ אײַנאַרטיקנ שטעמפּל פונ לאַנגווײַל, גרויסהאַלטערײַ, זאָרגנ אונ נאַרישקײַט, וואָס זײַנענ ענג פאַרבונדנ מיט זייער אַרט פאַרנעמונגענ, די דאָזיקע שטענדיקע צושויער אָפּ די פאָדערשטע ערטער, וועלכע זיצנ אָנגעבלאָזנ אָפּ קאָמעדיעס, גענעצנ אָפּ טראַגעדיעס, דרימלענ אָפּ אָפּערעס, וועלכע זײַנענ אויפמערקזאַמ עפּשער נאָר אָפּ באַלעטנ, צי מוזנ זיי ניט אומבאַדינגט אָפּקילנ די שפּיל פונ אונדזערע סאַמע אײַפעריקע אַרטיסטנ אונ ברענגענ זייערע נעשאָמעס צו פוילקײַט אונ אומעט, אויב די נאַטור האָט זיי באַשענקט מיט אַ נעשאָמע".

אָט דאָס דאָזיקע „הויכגעשטעלטע" פובליקומ האָט פושקינ אינ אויג, ווענ ער האַלט אינ איינ קלאָנגענ זיכ אָפּ דער איינזאַמקייט פונעמ עמעסנ דיכטער: „Толпа холодная поэта окружала" (א.א.ו. 1820); „Холодная толпа взирает на поэта" (א.א.ו. 1830)"; די ליד „עכאָ" (1831). אָט פונ דעמ דאָזיקנ האַמוינ (чернь) קערעוועט ער זיכ מיט פאַראַכטונג אינ זײַנע באַוווסטע לידער: „האַמוינ" (1828), „דעמ דיכטער" (1830).

פושקינ האָט געהאַט אויכ אַנ אַנדער פובליקומ. דאָס האָט זיכ בוילעט אַרויסגעוויזנ נאָכ זײַנ טראַגישנ אומקומ, ווענ די ברייטסטע שיכטנ פונ דער פעטערבורגער באַפעלקערונג האָבנ אויסגעדריקט זייער טיפסטנ מיטגעפיל דעמ דיכטער. דאָס דאָזיקע פובליקומ האָט

פושקינ ניט באמערקט נאָכ, אָבער געוויס האָט ער געהאט א פאָרגעפיל פאר דער דאָזיקער פרישער מיטפילנדיקער לייענער־כוואליע, אונ דאָס האָט אימ באגײַסטערט אפ זײַנ ליד „דער נאָווי“ (1826), ווו ער שטעלט אזוי הויכ די געזעלשאפטלעכע ראָל פונעם דיכטער („Глаголом жги сердца людей“) אונ „א דענקמאָל“ (1836).

פושקינען איז ענג געווענ אינ די ראמענ פונ דער פעאָדאל־לײַבייגנטימערישער רוסלאנד. די פינצטערע טעמפע ניקאָלײַעווסקשינע האָט געהאלטנ זײַנ גײַסט אינ שווערע פענטעס. דערפאר האָט ער אזוי לײַדנשאפטלעכ אונ אקשאָנעסדיק געקעמפט פאר דער פרײַהײַט פונעם דיכטער. פושקינ איז אָבער ניט געווענ קיינ פײַנשמעקערישער עסטעט. ער האָט זיכ קיינמאָל ניט געצאצקעט מיט קיינ ריינ־פאָרמעלע זוכעניש. „די דאָזיקע צוויי טאלאנטנ—שרײַבט פושקינ וועגנ די פראנצויזישע דיכטער מאלערב אונ ראָנסאר—האָבנ אויסגעשעפט זייערע קרעפטנ אינעמ קאמפ פאר דער פארפולקומונג פונעמ פערז... אזא גורל דערווארט די שרײַבער, וואָס וועגנ דעמ מעכאניזמ פונ דער שפראכ, וועגנ די אויסערלעכע פאָרמענ פונעמ וואָרט זאָרגנ זיי מער ווי וועגנ דעמ געדאנק—דעמ עמעסנ לעבנ פונעמ וואָרט, וואָס הענגט ניט אָפ פונעמ באנוצ“. וועגנ דער פראָזע שרײַבט פושקינ, אז „זי פאָדערט געדאנקנ אונ געדאנקענ—אָנ זיי דינענ צו גאָרניט די גלענצנדיקע אויסדרוקנ“. וועגנ די דיכטער שרײַבט ער: „...אונדזערע דיכטער וואָלט ניט געשאדט צו פארמאָגנ א סכומ אידייענ, א מער באדײַטנדיקנ, איידער דער, וואָס איז געווינלעכ פאראנ בא זיי“. פושקינ האָט אזויארומ ניט נאָר געוואָלט, אז די ליטעראטור זאָל פארמאָגנ אינהאלט, ער האָט געפאָדערט, אז דער אינהאלט זאָל זײַנ א באדײַטנדיקער. פושקינ האָט געהאלטנ, אז אינהאלט אונ פאָרמ זײַנענ אָרגאניש פארבונדנ:

Свободен вновь ищу союза
Волшебных звуков чувств и дум.

אינ קעגנזאצ צו די ראָמאנטישע דיכטער, וואָס האָבנ די דיכטערישע באגײַסטערונג געהאלטנ פאר עפּעס מיסטישעס, האָט פושקינ געשריבנ: „באגײַסטערונג איז נייטיק אינ געאָמעטריע, ווי אינ דער דיכטונג“. א פולקומ־רעאליסטישער שטאנדפונקט.

פושקינ האָט אויכ ניט געמיינט, אז די קונסט דארפ זײַנ אָפגעגרענעצט פונ דער רעאלער ווירקלעכקײַט. דערפאר טאקע האָט ער אינ זײַנע ווערק אָפגעשפיגלט באדײַטנדיקע שטיקער ווירקלעכקײַט. אונ בעלינסקי האָט געהאט א פולנ גרונט צו באטראכטנ „יעווגעני אָניעגינ“ אלס ענציקלאָפעדיע פונעמ רוסישנ לעבנ. עמעס, פושקינ האָט זיכ קאטעגאָריש ארויסגעזאָגט קעגנ יעטווידער טענדענצ אינ דער ליטעראטור. ער פאָדערט, צ. ב., פונעמ דראמענ־שרײַבער, ער זאָל זײַנ אָנפניִעסדיק, ער זאָל ניט דערלאָזנ קיינע פאָרורטיילנ פונ א באליבטנ געדאנק, „ניט זײַנ זאכ איז צו בארעכטיקנ, באשולדיקנ אונ אונטערזאָגנ ווערטער. זײַנ זאכ איז אופצולעבנ די פארגאנגענע צײַט אינ איר גאנצנ עמעס“. די דאָזיקע פאָדערונג ניט צו דערלאָזנ, אז די טענדענצ זאָל ארויסשטארצנ פונעמ ווערק איז אָבער פולקומ רעאליסטיש. וועגנ דעמ האָט ענגעלס געשריבנ אינ זײַנ באווּסטנ בריוו צו מיס הארקנעס: „די טענדענצ דארפ אליינ ארויסדרינגענ פונ דער לאגע אונ פונ דער האנדלונג... וואָס מערער דעמ אווטערס אָנשויונגענ זײַנענ באהאלטנ, אלצ בעסער איז עס פארנ קונסט־ווערק. דער רעאליזמ, וואָס איכ האָב אינ אויג, אנטפלעקט זיכ אפילע, ניט געקוקט אפנ אווטערס אָנשויונגענ“.

פושקינס אָביעקטיווקייט האָט אים ניט געשטערט צו געבנ אינ זײַנע ווערק א ברייטע קריטיק פונ דער פעאָדאל־לײַבייגנסימערישער אָרדענונג. פושקינ שילדערט די פוסטקײַט פונעם פריצישנ לעבנ אינ דאָרפ (דאָס לעבנ פונ די לארינס אינ „יעווגעני אָניעגינ", דער פריצטעס טאָג־טעגלעכע אויסקומעניש אינ „גראפ נולינ"), די שווערלעכע לײַבייגנ־סימערישע עקספלואטאציע (דער הארעם אינ טראָיעקוראָווס הויפ, די פויערישע מיידלעכ, וואָס באַם קלײַבנ יאגעדעס מוזנ זיי אומופהערלעכ זינגענ... קעדיי ניט קאָנענ כאפנ א נאש); ער רײַסט אראָפ דעם ראָמאנטישנ שלייער פונעם אדעליקנ יונגערמאנ פונ זײַנ צײַט („אָניעגינ"). ס'איז געגוג צו דערמאָנענ, אז אינ „קאפיטאנס טאָכטער" האָט ער בולי־לעט באוויזנ די צעשטעלונג פונ די קעמפנדיקע קויכעס (דערמאָנט זיכ די סצענע מיט דער טליִע, וואָס שווימט אפ דער וואָלגע; אפ איר הענגענ: א טשוּוואש, א זאוואָדישער פויער אונ א לײַבייגענער יונג). ער האָט באוויזנ, אז דאָס גאנצע פויערטום אונ די אונטערדריקטע פעלקערשאפטנ זײַנענ געווענ מיט פוגאטשאָווג [1].

„אויב מיר האָבנ פאר זיכ א בעעמעס גרויסנ קינסטלער, האָט ער געמוזט אָפשפיגלענ אינ זײַנע ווערק כאָטש אייניקע פונ די וועזנטלעכסטע זײַטנ פונ דער רעוואָליוציע". די דאָזיקע ווערטער לענינס וועגנ טאָלסטאָיענ קאָנענ אָנגעווענדעט ווערנ אינ דער פולער מאָס אויכ צו פושקינענ.

## כאראקטעריסטישע אייגנשאפטנ פונ פושקינס רעאליזמ

### פ ר אָ ס ט ק ײַ ט

„איינע פונ די ערשטע אונ קאטעגאָרישע באדינגונגענ, וואָס שאפנ דעמ גרויסנ שרײַבער, דעמ געני, דאָס איז די פראָסטקײַט, באשטימטקײַט, קלאָרקײַט אונ צוגענגלעכקײַט פונ איבערגעבנ אונ פונ שפראכ, ווי א צייכנ פונ קלאָרקײַט אונ באשטימטקײַט פונ זײַנע אידייענ. איינפאכע שרײַבער שרײַבנ דערפאר קלאָר אונ צוגענגלעכ, ווײַל זייערע אידייענ זײַנענ איינפאכ אונ נישטיק; גרויסע שרײַבער שרײַבנ קלאָר אונ באשטימט דערפאר, ווײַל זיי באזיצנ פ ו ל ק ו מ זייערע אידייענ, אונ אויב זייערע ווערק זײַנענ ניט־צוגענגלעכ פאר די מאסנ—קומט עס ניט פונ דער געקינצלטקײַט אינעמ דערציילנ—נאָר פונ דער אידייִשער הויכ" (בעלינסקי).

אָט אָ די פראָסטקײַט „איינע פונ די ערשטע אונ קאטעגאָרישע באדינגונגענ, וואָס שאפנ דעמ גרויסנ שרײַבער, דעמ געני", האָט אינ דער גרעסטער מאָס פארמאָגט פושקינ .די דאָזיקע טיפע פראָסטקײַט איז א פונקציע פונ זײַנ רעאליזמ.

שוינ אינ זײַנע פריִיקע ווערק אפילע האָט פושקינ געשטרעבט צו פראָסטקײַט. די דאָזיקע פראָסטקײַט האָט טאקע כאראקטעריזירט זײַנ רעאליסטישע טענדענצ. אינ דער גרעסטער מאָס פאר יענעמ פעריאָד האָט עס פושקינ דערגרייכט אינ זײַנ יוגנט־פאָעמע „רוסלאנ אונ ליודמילע", אָבער נאָר אינ זײַנע רעאליסטישע ווערק דערגרייכט פושקינ יענע פראָסטקײַט, וואָס אנטציקט אונדז אזוי אינ זײַנ ליטערארישער

---

[1] ) אינ די באמערקונגענ צו „פוגאטשאָווס געשיכטע", וואָס פושקינ האָט געמאכט פאר ניקאָלײַענ (אינעמ בוכ זײַנענ זיי ניט ארײַנ), שרײַבט פושקינ: „דאָס גאנצע שווארצע פאָלק האָט געהאלטנ מיט פוגאטשאָווג... נאָר דער אדל איז אָפנ געשטאנענ אפ דער זײַט פונ דער רעגירונג. פוגאטשאָוו אונ זײַנע אָנהענגער האָבנ לעכאַטכילע געוואָלט אריבערציִענ אפ זייער זײַט אויכ די אדעליקע, אָבער ז י י ע ר ע א י נ ט ע ר ע ס נ ז ײַ נ ע נ נ ע ו ע נ צ ו פ י ל ק ע ג נ ז ע צ ל ע כ" (מײַנ אונטערשטרײַכונג—מ. ד.).

ירושע. די העכסטע שטופע פונ פושקינס רעאליזמ איז גלײַכצײַטיק די העכסטע שטופע פונ זײַנ פראָסטקײַט.

פושקינס פראָסטקײַט ווערט דערגרייכט ניט אפנ כעזשבנ פונעמ אינהאלט. פארקערט, פושקינס טיפסטע ווערק:—„יעווגעני אָניעגינ“—די דאָזיקע ענציקלאָפעדיע פונעמ רוסישנ לעבנ; „באָריס גאָדונאָוו“, ווו ס'ווערנ געשילדערט ברייטע סאָציאַלע קאָנפליקטנ; „די קליינע טראגעדיעס“, ווו ס'ווערנ טראקטירט אזעלכע „אייביקע“ (פאר אלע קלאסאָווע געזעלשאפטנ) לײַדנשאפטנ, ווי: קארגשאפט („דער קארגער ריטער“), קינע („מאָצארט אונ סאליערי“) א. אנד.; דעמ „קאפיטאנס טאָכטער“, ווו ס'ווערט געשטעלט די פראָבלעמ פונ דער פויערישער רעוואָליוציע,—די דאָזיקע טיפסטע ווערק פושקינס—עמעסע פערל פונ דער רוסישער ליטעראטור—זײַנענ גלײַכצײַטיק גלענצנדיקע מוסטערנ פונ טיפער פראָסטקײַט, די העכסטע דערגרייכונג פונ יענער געניאלער דיכטונג, וועגנ וועלכער פושקינ שרײַבט אינ דער אײַנלייטונג צו „יעווגעני אָניעגינ“:

Поэзии живой и ясной
Высоких дум и простоты

וויאזוי ווערט קאָנקרעט רעאליזירט דער פרינציפ פונ פראָסטקײַט אינ פושקינס ווערק? דער דאָזיקער פרינציפ דרינגט דורכ בוכשטעבלעכ אלע קעמערלעכ פונעמ קינסטלערישנ געוועב.

קיינ סימנ פונ אויסגעטראכטע איבערלעבונגענ טרעפנ מיר ניט אינ פושקינס רעאליסטישער לירִיק, ווו ער איז העכסט אופריכטיק, העכסט עמעסדיק.

פונקט אזוי עמעסדיק ווערט געשילדערט דער עפישער העלד. פושקינ איז מאסקימ מיט זײַנ פרײַנט א. ראיעווסקי, וואָס האָט שטארק אויסגעלאכט די שטעל אינ „באכטשיסארײַער פאָנטאנ“, ווו דער טרייסטלאָזער גירײ

Он часто в сечах роковых
Под'емлет саблю, и с размаха
Недвижим остается вдруг,
Глядит с безумием вокруг,
Бледнеет...

דערבײַ מאכט פושקינ אזא באמערקונג: „אונדזערע יונגע שרײַבער קאָנענ בכלל ניט שילדערנ די פיזישע באוועגונגענ פונ די לײַדנשאפטנ. זייערע העלדנ ציטערנ אופ שטענדיק, לאכנ ווילד, קריצנ מיט די ציינ א. א. וו. דאָס אלצ איז לעכערלעכ, ווי א מעלאָדראמע“. אינ די דאָזיקע ווערטער ווערט אָנגעמערקט א נײַע, א רעאליסטישע ליניע אינ דער שילדערונג פונ כאראקטערנ. פסיכאָלאָגישע וואָרהאפטיקײַט ווערט א פעסטער געזעץ אינ פושקינס שאפונג.

פושקינ פארברייטערט די גאלעריי העלדנ, ער פירט ארײַנ אזעלכע „פראָסטע“ פערסאָנאזשנ, ווי דער סטאנציע־אופזעער, די פערסאָנאזשנ פונ א „שטיבל אינ קאָלאָמנע“; ער פאָעטיזירט אזעלכע „פראָסטע“ כאראקטערנ, ווי מאשע מיראָנאָווע אונ אירע עלטערנ א. א. וו. ער גיט אָפ א ברייטנ פלאצ דער שילדערונג פונעמ טאָג־טעגלעכנ שטייגער, די עקזאָטישע פײזאזשנ פונ די „דאָרעמדיקע פאָעמעס“ טרעטנ אָפ זייער פלאצ דעמ געווײנלעכנ פראָסטנ פײזאזש פונעמ רוסישנ פלאכ־לאנד.



B

אנאליזירן מיר פושקינס בילדערישקײַט, װארפט זיך אין די אויגן די פּראָסטקײַט פון זײַן עפּיטעט, מעטאפאָר, פארגלײַכונג:

То были тайные преданья
Сердечной, темной старины
Ни с чем не связанные сны,
Угрозы, толки предсказанья,
Иль длинной сказки вздор живой,
Иль письма девы молодой.

דאָס איז א צופעליק ארויסגעכאפּטער אויסצוג פון „יעװגעני אָניעגין“. די פּראָסטקײַט פון דער עפּיטעטיק—און דער עפּיטעט איז זייער א פארשפּרייט מיטל אין פּושקינס דיכטונג—איז אן אומגעהויערע. און די גאנצע גענ״אַלקײַט פּושקינס װײַזט זיך טאקע ארויס אין דעם, װאָס מיט דער הילף פון פּראָסטע געװיינלעכע מיטלען דערגרייכט ער קאָלאָסאלע קינסטלערישע עפעקטן.

באזונדערס אכט לייגט פּושקין אף דער פּראָסטקײַט פון סטיל. „פּינקטלעכקײַט און קורצקײַט—אָט דאָס זײַנען די גרעסטע מײַלעס פון דער פּראָזע“,—שרײַבט פּושקין, און ער לאַכט בייז אויס יענע שרײַבער, װאָס, „האלטנדיק פאר נידעריק צו דערקלערן זאכן סאמע געװיינלעכע, מיינען זיי צו באלעבן קינדערשע פּראָזע מיט שלאַבעריקע מעטאפאָרעס! די דאָזיקע לײַט װעלן קיינמאָל ניט זאָגן פרײַנטשאַפט, ניט צוגעבנדיק דערבײַ: „אָט דער הייליקער געפיל, װאָס זײַן איידעלער פלאַם א. א. װ.“. מ׳װאָלט דארפן זאָגן: גאנצפרי,—שרײַבן זיי: „קוים האָבן די ערשטע שטראַלן פון דער אופגייענדיקער זון באלויכטן די מיזרעכדיקע ראנדן פונעם בלויען הימל“.

דער גרויסער פראנצויזישער שרײַבער סטענדאל, פּושקינס א מיטצײַטלער, װאָס האָט אין זײַן סטיל געשטרעבט צו דער גרעסטער פּראָסטקײַט, זאָגט זיך אזוי ארויס װעגן דער באציִונג פונעם פּובליקום צו פּראָסטן סטיל: „דאָס פּובליקום איז געװוינט צום... געפּארצבטן, אויטרירטן סטיל אונ... מע דארף באזיצן גרויסמוט אף צו האָבן די דרייסטקײַט זײַן פּראָסט“. אָט דעם דאָזיקן גרויסן מוט האָט פארמאָגט פּושקין. דאָס האָט געבראכט דערצו, אז דאפקע פּושקינס בעסטע װערק האָט דאָס דעמאלטיקע לייענער-פּובליקום באגעגנט קאלט. דאָס האָט אָבער אויך געבראכט דערצו, װאָס אין אונדזער צײַט, װען די ברייטע ארבעטנדיקע מאסן אינעם לאנד פון סאָציאַליזם האָבן באקומען דעם פרײַסטן צוטריט צו די גרעסטע אויצרעס פון דער מענטשלעכער קולטור, און דעם דיכטערס פּראָסטקײַט פארשטעלט פאר זיי ניט זײַן אידייִשע הייך, איז פּושקין געװאָרן דער באליבטסטער דיכטער.

## פ אָ ל ק י ש ק ײַ ט

דער ערשטער כאראקטעריסטישער שטריך פון פּושקינס רעאליזם—די „פּראָסטקײַט“ פונעם דאָזיקן רעאליזם—איז ענג געבונדן מיט א צװייטן כאראקטעריסטישן שטריך זײַנעם: פ אָ ל ק י ש ק ײַ ט.

פאָלקישקײַט אין דער ליטעראטור האָט פּושקין פארשטאנען זייער ברייט. דאָס איז ניט די פלאכע „פאָלקישקײַט“, װאָס באנוגנט זיך דערמיט, װאָס דער שרײַבער טראָגט ארײַן אין זײַן לעקסיק די אָדער יענע פאָלק-אויסדרוקן. דאָס איז אויך ניט יענע

„פאָלקישקײַט“, װאָס באשטײט אינ דעם, װאָס דער שרײַבער שעפט זײַנע סיוזשעטנ אויסשליסלעכ פונ דער „פאָטערלענדישער“ געשיכטע. פושקינ זעט ניט אײַנ קײנע סימאָנים פונ פאָלקישקײַט אינ אָזיאָראָװס טראגעדיעס, װאָס זײער טעמאטיק איז גענומענ פונ דער רוסישער געשיכטע; ער האלט, אז אינ כאָמיאקאָװס טראגעדיע „יערמאק“ איז אַלעס „פרעמד אונדזער שטײגער אונ גײַסט“. דערפאר אָבער האלט פושקינ, אז אזעלכע קינסטלער, װי שעקספיר, לאָפע דע־װעגא, קאלדעראָנ זײַנענ פאָלק־שרײַבער, כאָטש „די סאמע פאָלקישע טראגעדיעס שעקספירס זײַנענ גענומענ פונ די איטאליענישע נאָװעלנ“ אונ קאלדעראָנ אונ לאָפע דע־װעגא טראָגנ אַלע װײַלע אריבער די האנדלונג פונ זײערע טראגעדיעס אינ אַלע עקנ װעלט. דעם גרונט־באדינג פונ פאָלקישקײַט אינ דער ליטעראטור האָט פושקינ אײַנגעזענ אינעם אָפשפיגלענ די באזונדערע שטריכנ פונ דער גײַסטיקער פיזיאָגנאָמיע פונעם פאָלק, די שטריכנ, װאָס קומענ אלס רעזולטאט פונ דער װירקונג פונ „קלימאט, רעגיר־אופנ, גלױבנ“. דעם שרײַבערס פאָלקישקײַט קאָנ דעריבער קומענ צום אויסדרוק אינ די פארשײדנסטע סיוזשעטנ. אזוי האָט טאקע פושקינ געטאָנ. אינ זײַנע װערק טראָגט ער זיכ אַלע װײַלע אריבער אינ אַלע עקנ װעלט אונ אינ די פארשײדנסטע געשיכטלעכע עפּאָכעס.

פושקינ פירט ארויס די רוסישע ליטעראַרישע שפראכ פונ די ענגע ראמענ פונ דער שפראכ פונעם רוסישנ אדל. ער װענדט זיכ צו די רײַכע קװאלנ פונ דער פאָלק־שאפונג. שוינ אינ „רוסלאנ אונ ליודמילע“ פארפראָסטערט פושקינ די ליטעראַרישע שפראכ. דאָס אנטשפרעכט פולקומ דער רעאליסטישער טענדענצ אינעם װערק. די פראָסטע פאָלק־אויסדרוקנ אינ דער פּאָעמע האָבנ ארײַנגעבראכט אינ גרויס גרימצאָרנ אײניקע קריטיקער, אָנהענגער פונעם הויכנ קלאסיציזמ. דער קריטיקער פונ „װעסטניק יעװראָפי“ (מ. קאטשאנאָװסקי) האָט פארגליכנ פושקינענ צו א פויער מיט א באָרד, אינ אנ ארמיאק, אינ לאפטיעס, װאָס האָט זיכ ארײַנגעריסנ אינ דער מאָסקװער אדעליקער פארזאמלונג מיט אנ אויסגעשריי: „здорово, ребята“. אינ „סינ אָטיעטשעסטװא“ האָט מענ געהאט טײַנעס צו די „מוזשיקישע“ גראמענ, צו אויסדרוקנ, װאָס באלײדיקנ דעם „גוטנ געשמאק“. אינ גרונט פונ זײַנ שאפנ לײגט פושקינ די לעבעדיקע פאָלק־שפראכ. ער רופט די שרײַבער זיכ לערנענ רײנע ריכטיקע שפראכ אפ די שטאָט־פלעצער אונ מערק, ער האלט, אז „די רײד־שפראכ פונעם פראָסטנ פאָלק פארדינט די טיפסטע פאָרשונגענ“. פושקינ האָט דער ערשטער אָנגעהױבנ זאמלענ די פאָלק־דיכטונג גלײַכ פונעם פאָלק־מויל (ס'האָבנ זיכ אײַנגעהיט פופציק איבערגעשריבענע דורכ פושקינענ פאָלק־לידער). ער װענדעט זיכ צו די יונגע שרײַבער: „לײענט די מײַסעס פונעם פראָסטנ פאָלק, יונגע שרײַבער“. פושקינ איז איבערצײַגט, אז װאָס די ליטעראטור איז רײַפער, אלצ מער פאָלקיש װערט זי: „אינ א רײַפער ליטעראטור װענדעט מענ זיכ צו פרישע געדאכטנ פאָלקישע, צו פראָסטער שפראכ, װאָס איז פריִער געװעזנ פאראכטעט“. אונ פושקינ נעמט קולטיװירנ אינ זײַנ דיכטונג אזא פאָלק־זשאנר, װי דאָס מײַסעלע, דערבײַ איז קלאָר ניט צופעליק, װאָס אלע פושקינס מײַסעלעכ זײַנענ געשריבנ אינ די 30־ער יאָרנ, װענ פושקינס רעאליסטישער טאלאנט האָט דערגרײכט זײַנ העכסטע שטופע.

### ברײטע שילדערונג פונ כאראקטערנ

„די פערזאָנענ, געשאפענע דורכ שעקספירנ, זײַנענ ניט װי בא מאָליערנ טיפנ פונ אזא אונ אזא לײַדנשאפט, פונ אזא אונ אזא פעלער, נאָר לעבעדיקע באשעפענישנ, װאָס זײַ־

נענ פול מיט אסאכ לײַדנשאפטנ, מיט אסאכ פעלערנ; די באדינגונגענ אנטוויקלענ פארנ צושוויער זייערע פילארטיקע, פילקאָמפליצירטע כאראקטערנ. בא מאָליערנ איז דער קארגער קארג אונ גאָר; בא שעקספירנ איז שײַלאָק קארג, כיטרע, נעקאָמע־דורשטיק, א ליבנדער פאָטער, שארפזיניק. בא מאָליערנ שלעפט זיכ נאָכ דער צווייפנעמדיקער נאָכ דער פרוי פונ זײַנ ווילטעטער אפ א צווייפנעמדיקנ אופנ; ער נעמט אָנ דעמ גוט אלס מאשקנ אפ א צווייפנעמדיקנ אופנ; ער בעט א גלאָז וואסער אפ א צווייפנעמדיקנ אופנ. בא שעקספירנ טראָגט דער צווייפנעמדיקער ארויס דעמ געריכט־אורטייל מיט זעלבסטצופרידענער שטרענגקײַט. אָבער דער אורטייל איז א גערעכטער. ער פארענטפערט זײַנ אכזאָריעס דורכ א טיפזיניקנ געדאנק פונ א מעלוכע־מאנ; ער רעדט איבער די אומשולד מיט שטארקע פארכאפנדיקע סאָפיזמענ, מיט ניט קיינ לעכערלעכנ געמיש פונ פרומקײַט אונ לײַכטזיניקײַט".

אינ דער דאָזיקער גלענצנדיקער פושקינישער ארויסזאָגונג ליגט דער שליסל צו פארשטיינ די פושקינישע געשטאלטנ.

שטארקע מענטשלעכע לײַדנשאפטנ פארנעמענ גאָר א גרויס אָרט אינ פושקינס שאפנ (די העלדנ פונ די ראָמאנטישע פאָעמעס, „גאָדונאָוו", די העלדנ פונ די „קליינע טראגעדיעס", סילוויאָ אינ „דער שאָס", הערמאנ אינ „דאמע פיק"). דאָס זײַנענ די זעלביקע לײַדנשאפטנ, וואָס הערשנ אינ דער קלאסיציסטישער טראגעדיע. דורשט נאָכ מאכט, קינע, ליבע, קארגשאפט א. א. וו. אָבער אויב אינ דער קלאסיציסטישער טראגעדיע, ווי אויכ אינ מאָליערס קאָמעדיע, איז די אָדער יענע לײַדנשאפט געגעבנ לינייִש, אלס איינציקע לײַדנשאפט, איז אָבער אינ פושקינס שאפונג די זעלביקע לײַדנשאפט געוויזנ ניט אלס איינציקע, נאָר אלס דאָמינירנדיקע אינ געמיש מיט פארשיידענע אנדערע לײַדנשאפטנ. פושקינס קארגער („דער קארגער ריטער") איז אינ פלוג אויכ באהערשט פונ איינ־אונ איינציקער לײַדנשאפט, ווי מאָליערס קארגער. אינ טאָכ אָבער איז פושקינס קארגער ריטער באהערשט פונ א שלאל מוירעדיקע לײַדנשאפטנ. די קארגשאפט, וואָס אדאנק איר בלײַבנ זײַנע אויצרעס ניט גערירט, איז נאָר א פארטרעטערנ פונ די אלע לײַדנשאפטנ; דער קארגער ווייסט זײַנ מאכט, די מאכט פונ גאָלד, אונ ער באנוגנט זיכ מיט דעמ דאָזיקנ באוווסטזײַנ. די דאָמינירנדיקע לײַדנשאפט בא סאליערינ איז זײַנ טיפע קינע צו מאָצארטנ. די דאָזיקע לײַדנשאפט איז אָבער ניט די איינציקע. זי איז איבערגעפלאָכטנ אי מיט אָפפערדיקער איבערגעגעבנקײַט צו דער קונסט, אי מיט אנ אייגנארטיקנ „יושער"־געפיל; זי טראָגט אפילע ניט קיינ בוילעט־אויסגעשפראָכענעמ פערזענלעכנ כאראקטער. מאָצארט מוז אומקומענ, ווי סאליערי איז איבערצײַגט, אינ די אינטערעסנ פונ דער קונסט. דאָס זעלבע דארפ געזאָגט ווערנ וועגנ די איבעריקע „קליינע טראגעדיעס". באָריס (אינ „באָריס גאָדונאָוו") ווערט געוויזנ ניט נאָר אלס מערדער, וואָס לײַדט פונ געוויסנ־ביסנ, נאָר אויכ אלס מענטש מיט גלענצנדיקע פײַקײַטנ פונ א רעגירער, אלס ליבעפולער פאָטער. זייער ברייט איז געשילדערט אָניעגינ. דער דיכטער באקאנט אונדז מיט זײַנ ביאָגראפיע (ביזנ צײַט־אָפשניט, ווענ ער דערשײַנט אינעמ ראָמאנ), מיט זײַנ דערציִונג, מיט זײַנע געוווינהײַטנ אונ שטרעבונגענ. מיר ווייסנ, וויאַזוי ער ריכט אָפ זײַנ טואלעט, וואָס ער עסט, וואָס ער לייענט. מיר באקומענ א קלאָרע פאָרשטעלונג וועגנ זײַנ באציִונג צו זײַנע לײַבייגענע, צו דער פראָווינציעלער פריצישער געזעלשאפט, צו דער הויכער געזעלשאפט א. א. וו. א. א. וו. מיר האָבנ פאר זיכ א פולבלוטיקע רעאליסטישע געשטאלט, וואָס שפילט מיט אלע פארבנ פונעמ רעאלנ לעבנ.

פושקינס שטרעבונג רעאליסטיש אָפצושפיגלענ די ווירקלעכקײַט ברענגט אימ צו דער-

זענ אינ איר אַזעלכע העלדנ, וואָס דאָס אויג פונ דעם פריצישנ שרײַבער פלעגט געוויינלעכ ניט באַמערקנ. ער דערזעט די שטילע טראַגעדיע פונעם סטאַנציע־אויפזעער, פונ אָט דעם קליינעם מענטשעלע, וואָס פאַרלירט זײַנ איינציק גליק — די טאָכטער זײַנע; ער דערזעט אונ שילדערט פראָסט אונ גלײַכצײַטיק מיט גרויס קראַפט די שטילע אומבאַמערקבאַרע העלדישקײַט פונעם קאָמענדאַנט פונ דער בעלאָגאָרער פעסטונג. ער באַמערקט דאָס באַשיידענע פראָווינציעלע מיידל מאַשע מיראָנאָווע.

אָט די ברייטע שילדערונג פונ כאַראַקטערנ — דערבײַ פונ כאַראַקטערנ, גענומענ פונ די פאַרשיידנסטע סאָציאַלע שיכטנ — איז דיקטירט פושקינענ דורכ זײַנ רעאַליסטישער שטרעבונג צו ווײַזנ דעם עמעס פונעם לעבנ, די זעלבע שטרעבונג ברענגט פושקינענ צו שילדערנ זײַנע פערסאָנאַזשנ אַלס פראָדוקטנ פונ א באַשטימטער סוויווע. עמעס, אינ די „קליינע טראַגעדיעס", ווו פושקינ טראַקטירט זײַנע פראָבלעמעס פילאָסאָפיש, מײַדט ער אויס שטייגערישע דעטאַלנ, אַנדערש אָבער אינ די איבעריקע רעאַליסטישע ווערק. אינ „באָריס גאָדונאָוו" ווערנ די איבערלעבונגענ פונעם העלד געגעבנ אָפנ ברייטנ פאָנ פונ סאָציאַלע קאָנפליקטנ. די העלדנ פונ „יעווגעני אָניעגינ" זײַנענ אײַנגעפאַסט אינ א ברייטער שטייגערישער ראַמ. דאָס זעלבע אינ „בעלקינס דערציילונגענ" אונ דעם „קאַפיטאַנס טאָכטער". דערבײַ זעט פושקינ אײַנצוהיטנ דעם קאָלאָריט פונ צײַט אונ אָרט. אינ זײַנ אַרבעט איבער דער היסטאָרישער טעמע („דער אַראַפ פונ פעטער דעם גרויסנ", „דעם קאַפיטאַנס טאָכטער") האָט פושקינ זיכ באַמיט אויפצושטעלנ גענוי די היסטאָרישע פאַרגאַנגענהײַט אינ אַלע אירע רעאַלע שטריכנ. איידער ער טרעט צו צו דער אַרבעט איבער „דעם קאַפיטאַנס טאָכטער" מאַכט ער דורכ א קאָלאָסאַלע צוגרייטונג־אַרבעט, ער שטודירט אַלע געדרוקטע אַרבעטנ וועגנ פוגאַטשאָוונ; ער אַרבעט דורכ אַכצנ גראָבע בענדער in-folio פאַרשיידענע קסאַוויאַדנ, באַפעלנ אונ אַנדערע היסטאָרישע דאָקומענטנ; ער באַזוכט די וויכטיקסטע ערטער, ווו ס'האָט געפלאַקערט פוגאַטשאָווס אויפשטאַנד אונ קלײַבט יעדיעס בײַ אַלטע לײַט, וואָס זײַנענ געווענ איידעס פונעם אויפשטאַנד; ער שרײַבט אָנ זײַנ היסטאָרישע פאָרשונג וועגנ פוגאַטשאָוונ. אונ ערשט נאָכ דער דאָזיקער גרויסער צוגרייט־אַרבעט נעמט ער זיכ שרײַבנ דעם ראָמאַנ. די דאָזיקע גוואַלטיקע פאָראַרבעט איז א כאַראַקטעריסטישער שטריכ פונ אַנ עמעסנ שרײַבער־רעאַליסט, איז אַזוי פאַרשטענדלעכ דעריבער פושקינס בייזע קריטיק פונ וואַלטער־סקאָטס נאָכמאַכער, וועלכע דערלאָזנ אינ זייערע ווערק אומגעלומפערטע אַנאַכראָניזמענ. „אינעם יאָרהונדערט, אינ וועלכנ זיי ווילנ אַריבערטראָגנ דעם לייענער — שרײַבט פושקינ — קלײַבנ זיי זיכ אַליינ אַריבער מיט א שווערנ פאַרמאָג פונ היימישע געוווינהײַטנ, פאָרורטיילנ אונ טעגלעכע אײַנדרוקנ". זייערע גאָטישע העלדינעס זײַנענ דערצויגנ בײַ מאַדאַם קאַמפאַנ, אונ די מעלוכע־מענער פונעם 16־טנ יאָרהונדערט לייענענ דעם „טיימס" אונ „זשורנאַל דע דעבאַ". פושקינ וויל זײַנ טרײַ דער ווירקלעכקײַט אונ דערבײַ בלײַבנ פולקומ אָביעקטיוו. פונעם דראַמאַטורג פאָדערט ער פולע אָביעקטיווקײַט, ער דערלויבט אימ ניט „קיינ שומ פאָרורטייל פונ א באַליבטנ געדאַנק". ער טרעט אַרויס קעגנ וואָלטערנ, וואָס „האָט זעכציק יאָר אָנגעפילט דעם טעאַטער מיט טראַגעדיעס, אינ וועלכע, ניט זאָרגנדיק זיכ ניט וועגנ דער וואָרהאַפטיקײַט פונ די כאַראַקטערנ, ניט וועגנ דער געזעצלעכקײַט פונ די מיטלענ, האָט ער געצווּנגענ זײַנע פערזאָנענ, צומ אָרט אונ ניט צומ אָרט, אויסצודריקנ די קלאָלימ פונ זײַנ פילאָסאָפיע".

פונעם דאָזיקנ שטאַנדפונקט איז זייער אינטערעסאַנט ווידעראַמאָל טאַקע „דעם קאַפיטאַנס טאָכטער". מעגלעכ, אַז די פראָזע, וואָס פושקינ לייגט אַרײַנ אינ מויל זײַנ

הויפּט־העלד גריניאָוו: „באהיט גאָט צו זענ א רוסישנ בונט,—אנ אומזיניקנ אונ אנ אומ־
ראכמאָנעסדיקנ" איז פּושקינס אייגענע פילאָסאָפיע. זײַנ רעאליזמ אָבער האָט אימ געהאָלפנ אינ
דער שילדערונג פונ פוגאטשאָווס אופשטאנד ווײַט ארויס פונ די ראמענ פונ זײַנ
קלאסנ־באגרענעצטקײַט. אינ זייער מאָגערע שטריכנ, אָבער גאנצ בולעט ווײַזט פּושקינ
די ווילדע אכזאָריעס פונ די צארישע סאטראפּנ איבער די פארשיידענע „אינאָראָדצעס"
(דער געפאנגענער באשקירער מיט די אָפּגעשניטענע אויערנ, נאָז אונ צונג), דעמ מיטגעפיל
פונעמ גאנצנ פויערטומ צומ אופשטאנד. פוגאטשאָווס פּאָרטרעט אינ „דעמ קאפּיטאנס טאָכטער"
איז געגעבנ ניט אָנ סימפּאטיע. פוגאטשאָוו איז קלוג, דרייסט, גרויסמוטיק, ער איז געטרײַ זײַנ
וואָרט, דער געפיל פונ דאנקבארקײַט איז אינ אימ זייער שטארק אנטוויקלט (די מעשׂה מיטנ
האָז־טולופּ). ער האָט די נייטיקע אייגנשאפטנ פונ א פירער [1] (זײַנ אוטאָריטעט צווישנ
דער האָרעפּאשנער באפעלקערונג איז גוואלטיק גרויס). די קאלמיקישע פאָלקס־מעשׂה, וואָס
פּושקינ לייגט ארײַנ אינ מויל פוגאטשאָוונ, גיט צו פילנ, אז פוגאטשאָוו איז ניט קיינ
דורכשניטלעכע פּערזענלעכקײַט. (אנ אָדלער, ניט קיינ ראָב).

אנ אויסדרוק פונ פּושקינס אָביעקטיווקײַט איז די דערציילפאָרמ אינ אזעלכע וויכ־
טיקע רעאליסטישע ווערק זײַנע, ווי „בעלקינס דערציילונגענ" (יעדער באזונדער דערציילונג
האָט איר דערציילער), אינ „דעמ קאפּיטאנס טאָכטער", ווו דער דערציילער איז א דורכשניט־
לעכער פּאָרעצ. אינ דידאָזיקע ווערק שטייט דער שרײַבער אינגאנצנ אינ א זײַט. די דאָ־
זיקע אָביעקטיווקײַט ברענגט דערצו, אז אינ פּושקינס שאפונג באווײַזט זיכ דער די־
פערענצירטער דיאַלאָג (די העלדנ אינ די ראָמאנטישע פּאָעמעס רײדנ אלע אלצײַנס מיטנ
אויטערס שפּראכ). גלענצנדיקע מוסטערנ פונ אזא דיאַלאָג גיט פּושקינ אינ „באָריס גאָ־
דונאָוו", אינ „בעלקינס דערציילונגענ", „דעמ קאפּיטאנס טאָכטער".

אזעלכע זײַנענ זיי פּושקינס געשטאלטנ אינ זײַנע רעאליסטישע ווערק. טיפּישע
אונ גלײַכצײַטיק אינדיווידואליזירטע, געוויזנ אינ אלע זייערע לײַדנשאפטנ, אינ זייער
נאטירלעכער סוויווע, מיט זייער אינדיווידועלער שפּראכ האָבנ זיי געענערט די ווײַטער־
דיקע רוסישע ליטעראטור. פּושקינס באשיידענער העלד, דער קאָמענדאנט פונ דער בעלאָ־
גאָרער פעסטונג, האָט ארויסגערופנ צומ לעבנ די שטילע העלדנ בא מאָלסטאָיענ (דער שטאבס־
קאפּיטאנ טושינ פונ „קריג אונ פרידנ" אונ אנד). דאָס קליינע מענטשעלע, דער סטאנ־
ציע־אופזעער, האָט געפונענ זײַנ פאָרזעצונג אינ דער לאנגער ריי געשטאלטנ פונעמ „אָרע־
מענ טשינאָווניק"; אָניעגינ איז געווענ דער ערשטער אינ דער גאלעריי „איבעריקע מענטשנ".

---

דער שעפערישער מעטאָד פונ דער סאָוועטישער ליטעראטור—דער סאָציאַליסטישער
רעאליזמ—יארשנט אפּ א קריטישנ אויפנ די קלאָסאלע דערפארונג פונעמ רעאליזמ אינ
די פאָריקע עפּאָכעס. אינ דער דאָזיקער יערושע פארנעמט אנ אָנגעזענ אָרט דער רעא־
ליזמ פונעמ שעפער פונ דער נײַער רוסישער ליטעראטור, דעמ וווּנדערלעכנ פּושקינ.

---

[1]) אינ די באמערקונגענ צו „פוגאטשאָווס געשיכטע רופט זיכ פּושקינ אָפּ וועגנ פוגאטשאָווס אופרופ צו די
אוראלער קאזאקנ, ווי וועגנ „א וווּנדערלעכנ מוסטער פונ פאָלקישער רייד־קונסט", אינ קעגנזאצ צו די שלאבעריקע
„פובליקאציעס" פונעמ אָריענבורגער גובערנאטאָר ריינסדאָרפ.

ט. פעניק

# דער כאלעמ פונ גרויסנ דיכטער איז פאר־ווירקלעכט געוואָרנ

## (ביבליאָגראפישע איבערזיכט)

ס'איז א פאקט, אז דער געניאלער פושקינ האָט בא זײַנ לעבנ ניט געקענט אָפדרוקנ אלצ, וואָס ער האָט געשאפנ. נאָכמער, צוליב דער געפאר פארשיקט צו ווערנ איז דער דיכטער געווענ געצוווּנגענ פארלייקענענ א שטיק צײַט זײַנ אויטאָרישקײַט פונ א רײ זײַנע ווערק, ווי צ. ב., זײַנ אנטירעליגיעזע פאָעמע „גאווריליאדע“, וווּ עס ווערנ בײַסיק אויסגעלאכט די קריסטלעכע לעגענדעס וועגנ דער „הייליקער“ מוטער מאריע. פושקינ האָט נאָר באוויזנ אינ אנ ענגנ קרײַז פונ פרײַנט דורכצולייענענ אויסצוגנ פונ דער דאָזיקער פאָעמע, אָבער די קלאנגענ וועגנ דעמ זײַנענ גיכ דערגאנגענ צומ צארישנ הויפ. אונ דעמ אויטאָר איז אויסגעקומענ ניט ווייניק אויסצושטיינ דערפאר. „גאווריליאדע“ איז געשריבנ געוואָרנ אינ אפרעל 1821 י. קימאט 100 יאָר איז עס געלעגנ אינ ארכיוו ביז דער גרויסער פראָלעטארישער רעוואָליוציע.

„קיינ איינער פונ די רוסישע שרײַבער איז ניט פארפאָלגט אזוי ווי איכ—האָט געשריבנ פושקינ ניט לאנג פאר זײַנ טויט צו בענקענדאָרפנ.—מײַנע ווערק ווערנ פארהאלטנ ביז זייער דערשײַנענ. זײ ווערנ אָפגעדרוקט מיט ווילקירלעכע אויסבעסערונגענ פונ צענזאָר. אפ די אָנקלאגעס ווערט ניט געלייגט קיינ שומ אופמערקזאמקײַט“.

פול מיט פארביטערונג אונ ווייטעק איז פושקינס ווענדונג צומ צענזאָר (אינ 1822 י.):

О варвар! Кто из нас, владельцев русской лиры,<br>
Не проклинал твоей губительной секиры...

אינ דער צווייטער ווענדונג צומ צענזאָר 1824 י. שרײַבט דער דיכטער:

Скажи: не стыдно ли, что<br>
На святой Руси<br>
Благодаря тебя не видим книг доселе.

דער ווילדער ווילקיר פונ דער צארישער צענזור, דאָס ריידפנ דעמ גרויסנ דיכטער פאר יעדער עפיגראמ, וואָס פושקינ האָט געוואגט צו לייענענ אפילע פאר די נאָענטסטע פרײַנט זײַנע אָנ א דערלויבעניש, איז נאָכמער פארשטארקט געוואָרנ נאָכנ דערשטיקנ דעמ אויפשטאנד פונ די דעקאבריסטנ.

ניקאָלײַ „באגליקט“ פושקינענ, ער „באפרײַט“ פושקינענ פונ צענזאָר אונ ווערט אליינ זײַנ צענזאָר.

אינגיכנ האָט אָבער דער דיכטער דערפילט, וואָס באטײַט צארישע „גנאָד“. אפ די לעכערלעכע באמערקונגענ, וואָס דער צאר האָט געגעבנ באמ רעצענזירנ דאָס בארימטע ווערק „באָריס גאָדונאָוו“, „איבערצומאכנ די דראמאטישע פאָעמע אינ א היסטאָרישנ ראָמאנ“, האָט פושקינ מיט פארביטערונג געענטפערט בענקענדאָרפנ (זשאנדארמענ־גענעראל, נאטשאלניק פונ דער טרויעריק־בארימטער „דריטער אָפטיילונג“, א נאָענטער מענטש פונ צאר):

„איכ באדויער, וואָס איכ בינ שוינ ניט אימשטאנד איבערצומאכנ דאָס, וואָס איכ האָב שוינ איינמאָל אָנגעשריבנ“. דאָס דרוקנ „באָריס גאָדונאָוו“ איז דערפאר שוינ אויסגעקומענ אָפצולייגנ.

פושקינ איז געווענ טיפ דערשימערט, ווענ ער האָט באקומענ צוריק דעמ מאנוסקריפט

„דער קופערנער רײַטער“, אײנע פון זײַנע גלענצנדיקסטע פּאָעמעס, פארקריפּלט מיט דער בלײַפעדער פון געקרוינטן צענזאָר. ניט קענענדיק מאסקים זײַן מיטן צארס באדינגונגען, האָט פושקין דאָס ווערק ניט איבערגעארבעט. ערשט נאָכן טויט פון גרויסן פּאָעט איז ארויס פון דרוק „דער קופערנער רײַטער“ אונטער זשוקאָווסקיס רעדאקציע, און, פארשטייט זיך, פארקריפּלט לויטן אָריגינאל צוליב צענזאָר־מאָטיוון. פושקינס לידער וועגן סטענקא ראזינען זײַנען נ'ט דערלויבט געוואָרן צו דרוקן מיט דער מאָטיווירונג, „אז די צערקווע פארשילט ראזינען אזוי ווי פוגאטשאָוון“.

די אפּעטראָפּסעס פון זײַן מאיעסטעט ניקאָלײַ דעם ערשטן האָט אזויפיל פארביטערט פושקינען, אז אין 1832 י. שרײַבט ער צו בענקענדאָרפן:

„איך דערוואג זיך צו בעטן וועגן אײן „גנאָד“, אפ ווײַטער האָבן דאָס רעכט צו ווענדן זיך מיט מײַנע קלײנע ווערק צו דער געוויינלעכער צענזור“.

אונטער פּאָליציייִשער אופזיכט איז געווען ניט נאָר פושקינס ליטערארישע טעטיקײַט, נאָר יעדער טראָט זײַנער. אָפיציעל איז פושקין געוואָרן באפרײַט, אָבער פאקטיש האָט ער ניט געהאט דאָס רעכט אפילע ארויבערפאָרן פון אײן שטאָט אין א צווייטער אָן בענקענדאָרפס דערלויבעניש. אפילע די פּערזענלעכע בריוו פון דיכטער צו זײַן פרוי זײַנען פריער געעפנט געוואָרן אין דער קייזערלעכער קאנצעליאריע. דאָס קלוימערשטע „דערנענטערן“ פושקינען צום צארישן הויף, האָט געהאט פאר א ציל „נישט איבערלאָזן אים אלײן פאר זיך“, אז קײן אײן באוועגונג פון גרויסן קינסטלער, וואָס איז אזוי ניט „אײַנגעהאלטן אין ווערטער“, זאָל ניט גײן פארלאָרן פון אויג פונעם זשאנדארמענאטשאלניק. בענקענדאָרף שרײַבט אין יול 1827 צום צאר: „ער איז דער עמעסער שלאפּײַ, נאָר ס'זאָל זיך אײַנגעבן צו ריכטן זײַן פעדער און זײַנע רעדעס, וועט עס זײַן נוציק“. ווי באוווסט האָט זיך עס דער הערשנדער קליקע ניט אײַנגעגעבן.

פארפאָלגט, אײנזאם, פארביטערט, באלײדיקט אין זײַנע בעסטע געפילן האָט זיך געפילט פושקין, דער רוסישער געני, דער פרײַנט פון די דעקאבריסטן, דער גרויסער טרוימער פון פרײַהײַט אינעם צארישן רוסלאנד, אין דער טורמע פון פעלקער.

נאָכן דיכטערס טויט, ווען דער פארלעגער אי. אי. קראיעווסקי האָט זיך געווענדעט נאָך א דערלויבעניש צו דרוקן פושקינס ווערק, האָט דער נאטשאלניק פון זשאנדארמענקאָרפוס, דער אופזעער איבער דער צענזור ל. וו. דובעלט געענטפערט: „גענוג איז דאָס דאָזיקע שמוץ, די ווערק פון אײַער פושקינען, בא זײַן לעבן אָפּגעדרוקט געוואָרן, מע זאָל נאָך דארפן פאָרזעצן נאָך זײַן טויט אופווכן און ארויסגעבן זײַנע שאפונגען“.

אין דער דאָזיקער פינצטערער עפּאָכע האָט פושקין געקענט נאָר כאָלעמען וועגן דעם, אז זײַנע ווערק וועלן געלײענט ווערן פון די צענדליקער פעלקער, וואָס וווינען אין גרויסן רוסלאנד.

פושקין, דער גלענצנדער פּאָעט און מענטש, וועלכער האָט איבערגעשפּאנט א גאנצן יאָרהונדערט, געהערט צו אונדז. דער נאָמען פון גרויסן דיכטער־הומאניסט קלינגט באזונדערס שטארק איצט, אין דער עפּאָכע פון דער סטאלינישער קאָנסטיטוציע, וואָס איז דער גרעסטער הומאניטארער דאָקומענט פון דער מענטשהײַט.

„מיר טרעטן ארויס... ווי מענטשן, וואָס האָבן באשטעטיקט דעם עכטסטן הומאניזם, דעם הומאניזם פון רעוואָליוציאָנערן פּראָלעטאריאט“ (מ. גאָרקיס ארויסטרעטונג אפן אלפארבאנדישן צוזאמענפאָר פון די סאָוועטישע שרײַבער).

נאָר די פּראָלעטארישע רעוואָליוציע האָט געגעבן די מעגלעכקײַט פון נאציאָנאלער אנטוויקלונג פאר די פריִער אונטערדריקטע נאציעס, האָט געשאפן באדינגונגען פאר קולטורעלער דערוואכונג סײַ פון טונגוס, סײַ פון קאלמיק, סײַ פון צענדליקער אנדערע פעלקער, וועלכע האָבן פארן צארישן רעזשים געקענט בלויז די קולטור פון עקספּלואטאציע און אונטערדריקונג. די רעוואָליוציע האָט אויך געגעבן זיי פושקינען אף זייערע נאציאָנאלע שפּראכן.

נאָך אין 1919 י., אין די יאָרן פון בירגער־קריג, פון עקאָנאָמישן כורבן, איז געוואָרן אָפּגעדרוקט 725 טויזנט עקז. פון פושקינס ווערק, פון 1917 ביז 1935 י. זײַנען אין סאָוועטנפארבאנד ארויסגעגעבן געוואָרן העכער 250 אויסגאבעס פון באזונדערע

פושקינס ווערק, זאמלביכער, אויסגעווײלטע לידער א. א. וו. אין דער צאָל פון העכער 10 מיליאָן עקז.

בלויז פארן 1936 יאָר האָט די סאָוועטישע פרעסע אין פארבאנד געגעבן 240 זײַטלעך, געווידמעט פושקינען. פון יאנואר ביז נאָיאַבער 1936 י. זײַנען נאָר אפ רוסיש אָפּגעדרוקט געוואָרן ארום 5000 ארטיקלען וועגן דעם דיכטער.

לויטן פלאן פון אלפארבאנדישן פושקין־קאָמיטעט דארפן בלויז די יובילײ־אויסגאבעס פון פושקינס ווערק באטרעפן 13,4 מיליאָן עקז. (151,5 מיליאָן אָפּצוג־בויגנס). עס דארפן ארויסגיין פון דרוק: פושקינס געזאמלטע ווערק, אן אויסגאבע פון דער אלפארבאנדישער וויסנשאפט־אקאדעמיע (540 טויזנט עקז.); א פולע זאמלונג פון זײַנע ווערק אין 6 בענדער, אויסגאבע פון פארלאג „קינסטלערישע ליטעראטור" (600 טויזנט עקז.); אן אקאדעמישע אויסגאבע אין 6 בענדער (150 טויזנט עקז.); אן איינבאנדיקע אויסגאבע פון פושקינס אויסגעווײלטע ווערק—(500 טויזנט עקז.). עס ווערן אויך אויסגעגעבן באזונדערע ווערק אין דער צאָל 8400 טויזנט עקז.

אין א באזונדער קינסטלערישער אויספאָרמירונג ווערט צוגעגרייט פון פארלאג־אקאדעמיע פושקינס „מײַסעלעך" מיט איליוסטראציעס, צוגעגרייט פון די קינסטלער פון פאליעכא.

דער לענינגראדער פארלאג דארף ארויסלאָזן א מאָנומענטאלן אלבאָם „א. ס. פושקין אין דער אָנשוילעכער קונסט". דער אלבאָם וועט אנטהאלטן ארום 300 רעפּראָדוקציעס.

זייער א ברייטע ארבעט האָט זיך פאנאנדערגעוויקלט פאר דער לעצטער צײַט אין די פארבאנדישע רעפובליקן אפ ארויסצוגעבן פושקינען אפ די שפראכן פון די פארשיידענע פעלקער פון פססר.

דער מעלוכע־פארלאג פון אזערביידזשאן גיט ארויס צום 1937 י. פושקינס אויסגעווײלטע ווערק אין צוויי בענדער. כוץ דעם זײַנען באזונדערע פאָעמעס פושקינס געדרוקט געוואָרן אין דער אזערביידזשאנער פעריאָדיק.

דער מעלוכע־פארלאג אין גרוזיע פירט אן אינטענסיווע ארבעט אפ איבערזעצן פושקינען. צו די איבערזעצונגען זײַנען צוגעצויגן געוואָרן די גרוזינישע שרײַבער: יאשווילי, טיציאן טאבידזע, גאפרינדאשווילי א. אנד.

דער מעלוכע־פארלאג פון ארמעניע גרייט צו א ריי יובילײ־אויסגאבעס פושקינס אין דער איבערזעצונג פון די בעסטע ארמענישע שרײַבער. עס גייט אויך ארויס אפ ארמעניש „בעלינסקי וועגן פושקינען", א באזונדערע אויסגאבע פון א. ס. ארטויאן „100 יאָר פושקין אין די ארמענישע שריפטן".

אפ אוקראַיִניש זײַנען כוץ די פריִער דערשינענע ביכער פארן לעצטן יאָר איבערגעזעצט געוואָרן פושקינס „מײַסעלעך". עס דארף ארויסגיין פון דרוק א ריי פושקינס פאָעמעס און א באנד דראמאטישע ווערק. אפ די איבערזעצונגען ארבעטן אזעלכע קינסטלער, ווי די אוקראַיִנישע שרײַבער די כאווײרים רילסקי, קוליק, סאסיורא און אנדערע.

אפ ווײַסרוסיש דארף ארויסגיין פון דרוק „בעלקינס דערציילונגען", „מײַסעלעך", „דעם קאפיטאנס טאָכטער". דער פאָלקס־פאָעט יאנקא קופאלא איבערזעצט „דעם קופערנעם רײַטער", יאקוב קאָלאס—„פאָלטאווע", אלעקסאנדראָוויטש—„רוסלאן און ליודמילא", גלעבקאָ—„באָריס גאָדונאָוו", כוועדעראָוויטש—„דער קאווקאזער געפאנגענער", קולישאָוו—„ציגײַנער" א. א. וו.

אין פויליש איז ארויס פון אוקרמעלוכענאצמינד־פארלאג „דעם קאפיטאנס טאָכטער" און אייניקע פאָעמעס.

אין דער צוגרייטונג צום אָפּמערקן דעם 100־טן יאָרטאָג נאָך פושקינס טויט גייט אויך ארײַן דאָס ארויסגעבן זײַנע ווערק אפ די שפראכן פון די קליינע נאצמינדערהײַטן אין די באזונדערע רעפובליקן. „דובראָווסקי" און „דעם קאפיטאנס טאָכטער" איז שוין ארויס אפ אסיריש, קאראקאלפאקיש א. אנד. די פאָעמע „ציגײַנער", „מײַסעלעך" און א זאמלונג לידער דערשײַנט אפ ציגײַנעריש.

די לענינגראדער אָפּטיילונג פון מעלוכע־פארלאג גיט ארויס באזונדערע ווערק פושקינס אפ א ריי שפראכן פון די צאָפן־פעלקער: אפ טשוקאָטיש, וואָגוליש, גאנייִיש, טונגוסיש, אָסטיאקיש א. אנד.

עס גרייטנ זיכ אקטיוו צו די פושקינ־טעג די סאָוועטישע שרײַבער־פארבאנדנ אונ פארלאגנ פונ די נאציאָנאלע געגנטנ פונ צאָפנ־קאווקאז.

די שרײַבער פונ טשעטשינאָ־אינגושי איבערזעצנ א גאנצע ריי פושקינס לידער, צווישנ זיי „פרײַהײַט“, „קאווקאזער געפאנגענער“, די דערציילונגענ „דעמ קאפיטאנס טאָכטער“, „דובראָווסקי“ א. אנד. אינ דאגעסטאנ ווערט איבערגעזעצט אפ אווארישׂ, וואקסיש, קומיקסיש, דארגיניש „דעמ קאפיטאנס טאָכטער“, די מעסעלע וועגנ צאר סולטאנ א. אנד.

עס איז נאָכ ניט אויסגעפאָרשט געוואָרנ די ווירקונג, וואָס פושקינ האָט געהאט אפ דער ייִדישער ביז־רעוואָליוציאָנערער ליטעראטור. עס וואָלט זייער געווונטשנ געווענ, ווענ אונדזערע ליטעראטור־פאָרשער וואָלטנ זיכ געשטעלט אנ אופגאבע דערלערנענ די דאָזיקע פראגע. אָבער עס איז א פאקט, אז איבערזעצט אינ ייִדיש האָט מענ פושקינענ זייער ווייניק. בלויז איינצלנע פרוווּנ זײַנענ געמאכט געוואָרנ ביזנ 1917 צו איבערזעצנ באזונדערע לידער פושקינס אינ ייִדיש.

אינ 1910 י. איז אָפּגעדרוקט געוואָרנ אינ „אייראָפּייִשע ליטעראטור“ (העפט 22) פושקינס ליד „אכ, וואָלקנ דו לעצטער“ אינ ל. ניידוסעס איבערזעצונג. ל. ניידוס האָט אויכ אינ די שפּעטערדיקע יאָרנ געארבעט אפ איבערזעצנ פושקינענ. ער האָט אָבער אויסגעמיטנ צו געבנ יענע פושקינס ווערק, ווו עס איז אמבוילעטסטנ אויסגעדריקט פושקינס פראָטעסט, פושקינס פלאמענדיקער גײַסט, פושקינס רופ צו פרײַהײַט. ל. ניידוס האָט אינ זײַנע איבערזעצונגענ צוגעגעבנ די זוניקע לעבנספריידיקע שורעס פושקינס עפעס א דינעמ טרויער, א נארסאָנ־גײַסט. א. גראָדזענסקי האָט אינ זײַנע איבערזעצונגענ פונ „פּאָלטאווא“ אונ „יעווגעני אָניעגינ“ פארפלאכט אונ פארפרעמט דעמ געניאלנ קינסטלער. אינ אויסלאנד זײַנענ נאָכ אויכ ארויס סאָרע רייזינס איבערזעצונגנ פונ „דובראָווסקי“ אונ א. צימערמאנס פונ „דעמ קאפיטאנס טאָכטער“. אינ בוכ „ייִדישע אונ סלאווישע מאָטיוונ“ זײַנענ אויכ אָפּגעדרוקט א פאָר לידער פושקינס אינ מאניע לייבס איבערזעצונג. די אלע איבערזעצונגענ איליוסטרירנ בלויז ווי ניט ערנסט איז מענ צוגעגאנגענ צו אזא פאראנטוואָרטלעכער אופגאבע.

אפ דער ייִדישער ליטעראטור אינ סאָוועטנפארבאנד האָט זיכ פושקינס ווירקונג געלאָזט פילנ באלד בא איר אנטשטייונג. אפ פושקינענ האָט זיכ דערצויגנ א גאנצע פלעיאדע יונגע ייִדישע סאָוועטישע שרײַבער.

באזונדערס אקטיוו איז מענ בא אונדז צוגעטראָטנ ארויסגעבנ פושקינס גרויסע ליטערארישע ירושע אינ די לעצטע פאָר יאָר. נאָכמער האָט זיכ פארשטארקט די דאָזיקע ארבעט אינ שײַכעס מיטנ צוגרייטנ זיכ צו פײַערנ דעמ 100־טנ יאָרטאָג ו‍[illegible] פושקינס טויט (זע ווײַטער די ביבליאָגראפיע „פושקינ אינ ייִדיש“).

נאָר אינ סאָוועטנפארבאנד, ווו ליטעראטור איז געוואָרנ די ווירקלעכע דערגרייכונג פונ די ברייטסטע פאָלקס־מאסנ, נאָר אדאנק דער לענינ־סטאלינישער נאציאָנאליטיק האָט געקענט פארווירקלעכט ווערנ פושקינס כאָלעמ, אז צענדליקער פעלקער וועלנ אימ לייענענ אפ זײַערע נאציאָנאלע שפּראכנ.

ווי נעווייִש קלינגט איצטער פושקינס בריוו צומ דעקאבריסט טשאאדײַעוו:

אָ, כאווער, גלויב, דעמ כוישעכ טרײַבט
די שײַנ פונ גליקלעכנ באגינענ,
ס'וואכט רוסלאנד אופ, די קרעפטנ קלײַבט,
די זעלבסטמאכט שטירצט, אונ אפ רויִנענ
די נעמענ אונדזערע פארשרײַבט.

# אלעקסאנדער סערגייעוויטש פושקין
# אין ייִדיש

(ביבליִאָגראפיע)*

## 1. באזונדערע אויסגאבעס

פושקין א. ס.—בעלקינס דערציילונגען. ייִדיש—ד. האָפשטיין. מאָסקווע, פארלאג „עמעס״, 1935 י., 141 זייטן.

„ „ —דובראָווסקי. ייִדיש—ד. האָפשטיין. מאָסקווע, „עמעס״, 1935 י., 158 זייטן.

„ „ —לידער. ייִדיש—ד. האָפשטיין און ע. פינינבערג. אוקרמעלוכענאצמינדפארלאג, 1936 י., 20 זייטן.

„ „ —מייסעלעך. ייִדיש—ע. פינינבערג. אוקרמעלוכענאצמינדפארלאג, 1936 י., 92 זייטן.

„ „ —דעם קאפיטאנס טאָכטער (דערציילונג). ייִדיש—ה. אָרלאנד. אוקרמעלוכענאצמינדפארלאג, 1936 י., 190 זייטן.

„ „ —א שאָס (דערציילונג). קיִעוו, 1936 י., 32 זייטן.

## 2. אין דער פּעריִאָדיק

פושקין א. ס.— אנטשאר (בוים פון סאם). (ליד). ייִדיש—ה. האָפשטיין. „שטערן״, כארקאָוו, 1936 י., נום. 227.

„ „ —„פראָלעטארישער עמעס״. וויניצע, 1936 י., נום. 79, „זיי גרייט״, כארקאָוו, 1936 י., נום 78.

„ „ —אף די בערג פון גרוזיע. ייִדיש—י. רעמיניק. „דער שטערן״, קיִעוו, 1937 י., נום 6.

„ „ —באָריס גאָדונאָוו. ייִדיש—ל. רעזניק. „פארמעסט״, קיִעוו־כארקאָוו, 1936 י., נומערן 6, 8 און 10.

„ „ —באגייס אינדערהיים (ליד). ייִדיש—מ. כאשטשעוואצקי. „יונגע גווארדיע״, כארקאָוו, 1936 י., נום 112.

„ „ —די בערג פון גרוזיע. אָ, פלאמען.—מוזע פון סאטירע. (לידער). ייִדיש—קאזאקעוויטש. „בירעבידזשאנער שטערן״, 1936 י., נום. 236.

„ „ —דאָן (ליד). „יונגע גווארדיע״, כארקאָוו, 1936 י., נום 112.

„ „ —דו זינג ניט, שיינהייט (ליד). ייִדיש—ע. פינינבערג. „דער שטערן״, כארקאָוו, 1936 י., נום 227.

„ „ —„קאָלווירט־שטערן״, ניי־זלאטאָפאָל, נום. 139; דאָס זעלבע אין קאָטליארס איבערזעצונג „יונגע גווארדיע״, 1936 י., נום 112.

„ „ —דער דערטרונקענער. ייִדיש—י. רעמיניק. „זיי גרייט״, קיִעוו, 1937 י., נום. 4.

„ „ —א דענקמאָל. בא דיין שויב אינעזיליע (לידער). ייִדיש—מ. הארצמאן. „פראָלעטארישע פאָן״, קיִעוו, 1936 י., נום. 92.

„ „ —הארבסט. ייִדיש—מ. ליפשיץ. „אָקטיאבער״, מינסק, 1936 י., נום. 256.

„ „ —וואָלקן (ליד). ייִדיש—ש. גאָלדענבערג. „פראָלעטארישע פאָן״, קיִעוו, 1936 י., נום. 146.

„ „ —דער וואָלקן. ייִדיש—טעלעסין און בוימוואָל. „אָקטיאבער״, מינסק, 1936 י., נום. 256.

„ „ —א ווינטער אף דער נאכט (ליד). ייִדיש—מ. הארצמאן. „פראָלעטארישע פאָן״, קיִעוו, 1936 י., נום. 146.

„ „ —א ווינטער־אָוונט. שיידים (לידער). ייִדיש — מ. כאשטשעוואצקי. „דער שטערן״, קיִעוו, 1937 י., נום. 6; „סטאלינדאָרפער עמעס״, 1937 י., נום. 8.

„ „ —א ווינטער־וועג. ייִדיש—מ. הארצמאן. „פראָלעטארישע פאָן״, קיִעוו, 1936 י., נום. 146.

---

*) די ביבליִאָגראפיע פון פושקינס איבערזעצונגען אין ייִדיש בא אונדז אין סאָוועטנפארבאנד איז צונויפגעשטעלט פאר די יאָרן 1936—1935, פון 1937 איז גענומען בלויז די פעריִאָדיק פאר דער ערשטער העלפט יאנוואר.

